# אײן װונדערליכע געשיכטע פון ר׳ יעקב אהרן ליבלינער מיט זײנע צװײא קינדער ·

פון דער מעשה קען מען זיך׃ ארא׳פ נעמען א מוסר אז א מענטש טאר ניט זײן קײן נוקם ונוטר , אז מען דארף נאר גלײבען אז מה דעביד רחמנא לטב עביד ·

---

הובא לביה״ד ע״י ר׳ ישראל בראדעצקא מ״ס
מב״ד על עיר ישן בנומער 272

## בזיטאמיר

בשנת תרלז לפ״ק

---

Ашейне Майсе
ЖИТОМИРЪ
печатано въ тип. И. Бакста
1876

בִּשְׁנַת תקע״ה אִין דֶער פּוֹלִישֶׁער שְׁטָאט לוּבְּלִין הָאט גִיוואוֹנְט אֵיין גְרוֹסֶער גְבִיר וָועלְבִיר מֶען הָאט אִים גִירוּפֶען ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן! עֶר אִיז גִיוָועזְן אֵיין גְרוֹסֶער גְבִיר אוּנ אֵיין גְרוֹסֶער יַבְּדָן אוּנ אֵיין גְרוֹסֶער בַּעַל צְדָקָה :

נַס. אִיז בַּייא אִים גִיוֶועזְן זַיין מִנְהָג וָואס פַאר אַ בַּעַל דָרְשָׁר עֶס אִיז גִיקוּמֶען קַיין לוּבְּלִין אוֹיף שַׁבָּת פְלֵייג עֶר אִים נֶעמִין צוּא זִיךְ אוֹיף שַׁבָּת אוּנ הָאט אִים גִיהַאלְטִין בַּייא זִיךְ שַׁבָּת אוּנ אַחַר שַׁבָּת פְלַייג עֶר אִים גִיבֶּען זֵייעֶר אַ שֵׁיינֶע נְדָבָה.

אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ נוֹהֵג גִיוֶועזְן אַצַייט מִיט יָארִין. זַיין וַוייבּ הָאט גִיהֵייסִין רָחֵל אוּנ אִין לוּבְּלִין פְלֵייג מֶען זִיא רוּפִין רָחֵל דִיא צְדָקָה גִיבֶּערִין זִיא אִיז אוֹיךְ גִיוֶועזְן זֵייעֶר אַ פְרוּמֶע אוּנ אַקְלוּגֶע. זִיא אִיז גִיוֶועזְן דִיא גַאנְצֶע אֵשֶׁת חַיִל. דֶער מַאן אִיז גִיזֶעסִין יוֹם וָלַיְלָה עַל הַתּוֹרָה וְעַל הָעֲבוֹדָה.

אוּנ זִיא הָאט גִיפִירְט אַלֶע גִישֶׁעפְטִין. קִינְדֶער הָאבְּן זַייא גִיהַאט צְוַוייא יוּנְגְלִיךְ מִיט צְוַוייא מֵיידְלִיךְ. דִיא קִינְדֶערְלָךְ זֶענִין אוֹיךְ גִיוֶועזְן גִילֶערִינְט אוּנ אַלֶע חָכְמוֹת.

אוּנ ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן מִיט זַיין וַוייבּ רָחֵל הָאבֶּען גִיהַאט זֵייעֶר פִיל נַחַת פוּן דִיא קִינְדֶערְלִיךְ.

ויהי

וַיְהִי הַיּוֹם הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַז דָאס ווייב פוּן ר׳ יִשְׂרָאֵל איז גִישְׁטָארְבֶּען — הָאבֶּען דִיא קִינְדֶערְלִיךְ זֵייעֶר גִיקְלָאגְט נָאךְ דֶער מוּטֶער:

אָבֶּער וָואס הָעלְפְט דָאס ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן הָאט אוֹיךְ זֵייעֶר גִיקְלָאגְט. נָאר עֶר הָאט אָבֶּער בַּאלְד חֲתוּנָה גִיהַאט אוּנ הָאט גִינָעמִין אַ בְּתוּלָה:

ווִיא עֶס אִיז אַוֶועק גִינַאנְגֶען אַ יָאר צְוֵוייא נָאךְ דֶער חֲתוּנָה אַז ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן הָאט חֲתוּנָה גִיהַאט מִיט דֶער בְּתוּלָה אוּנ הָאט מִיט אִיר גִיהַאט אֵיין קִינְד — אַזוֹ הָאט זִיא בַּאלְד אָן גִיהוֹבִּין צוּא טָאן מִיט אִים נָאךְ וָואס עֶר לָאזְט דִיא קִינְדֶער לֶערְנִין בַּייא מְלַמְדִים אוּנ אוֹיךְ זִיא הָאט דִיא קִינְדֶערְלִיךְ אָן גִיהוֹבִּין צוּא פַּאנִיגֶען מִיט עֶסִין אוּנ מִיט דֶער הַלְבָּשָׁה. אַזוֹ ווִיא עֶס גִיט זִיךְ מִיט דִיא שְׁלֶעכְטִי שְׁטִיף מוּטֶערְס:

הַכְּלָל דִיא קִינְדֶערְלִיךְ הָאבֶּען גִיזֶעהִין אַז עֶס אִיז זֵייא זֵייעֶר שְׁלֶעכְט. זֵייא זֶענִין גֶעבִּיךְ גָאר נִיט גִיוואוּנְט גִיוָוארֶען זֵייא זָאלִין אַזוֹא גִיפַּאנִינְט וֶוערִין מִיט דֶעם עֶסִין אוּנ אוֹיךְ מִיט אַנְדֶערִי זַאכִין!

אַזוֹא זֶענִין דִיא קִינְדֶער אַרַיין גִינַאנְגֶען צוּם פָּאטֶער אוּנ הָאבֶּען פַאר אִים זֵייעֶר גִיוֵויינְט.

אָבֶּער וָואס הָעלְפְט זֵייא דָאס גִיוויין ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן הָאט אוֹיךְ זֵייעֶר גִיט גִיוֵויינְט דְרוּף נָאר וָואס קָאן עֶר זֵייא

הֶעלְפִין

העלפין געשין זיך מיט דעם וייב דורך וייא איז אים מוגליך ׃

וויא דיא מוטער איז דאס גיוואר גיווארען אז די קינדער האבען זיא פאר קלאגט פאר דעם פאטער אזו האט זיא זייא נאך מעריר אן גיהובין צוא פאניגען זיא האט זייא נעביך אן גיטאן זייער פיל צרות ׃

וויא דיא קינדערליך האבען גיזעהין אז עס איז זייא זייער שלעכט אזו האבען זייא צווישין זיך אפ גירעט אז זיי זאלען אוועק אויף דער וועלט וויא דיא אוגען וועט זייא נעביך טראגען ׃

איידער זייא זאלין ליידין אזו פיל צרות . נאר וואס טוט מען אים זאגען פאר דעם פאטער האבען זייא מורא גיהאט ווארום זייא האבען גיוויסט אז דער פאטער וועט ניט וועלין ליידין אז זייא זאלען פון אים אוועק וחוץ מזה וועט ער נאך האבען פיל צרות דער פון ׃

על כן האבען זייא אפ גירעט אז קיינער זאל דער פון ניט וויסען ׃

והגיע העת ׃ אז מען האט גידארפט פארין נאך סחורה אזו זענין דיא קינדער אריין גיגאנגען צום פאטער אונ האבן אים גיבעטין ער זאל זייא לאזין פארין מיט זיינע משרתים נאך סחורה . בכדי זייא זאלין גינית ווערין אין גישעפט . דיא שטיף מוטער איז אויך גיזעסין דער ביא האט זיא זייער שטארק צוא גירעט איר מאן ר׳ ישראל אהרן ער זאל זייא

לָאזְן פָארְן . וִיא הָאט פְּשׁוּט גִיוָואלְט פָּטוּר וָוערְן פוּן זַייא · אוּנ ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן הָאט נֶעבִּיךְ זֵייעֶר גְוַויינְט עֶר הָאט נִיט גִיוָואלְט דִיא קִינְדֶער זָאלֶען פוּן אִיבּ אַוֶועק פָארֶען ,

אָבֶּער וָואס הֶעלְפְט דָאס אַז דִיא קִינְדֶער הָאבְּן זֵייעֶר גִיוָואלְט פָארִין אוּנ דָאס וַוייבּ הָאט אִים אוֹיךְ צוּא גִירֶעט אַזוּ הָאט עֶר זֵייעֶר דֵעָה נִיט גִיקָאנְט מְבַטֵל זַיין . עֶס אִיז אַזוֹא גִיבְּלִיבֶּען אַז דִיא קִינְדֶר זָאלִין פָּארִין :

דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען זִיךְ גִיזֶעגִינְט מִיטֶען פָאטֶער אוּנ מִיט דֶער שְׁטִיף מוּטֶער אוּנ זֶענִין בְּשָׁלוֹם אַוֶועק גִיפָארֶען קֵיין לַייפְּסִיג מִיט דִיא מְשָׁרְתִים נָאךְ סְחוֹרָה :

וְויא זַייא זֶענִין גִיקוּמֶען קֵיין לַייפְּסִיג . אַזוֹי הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער גִיזָאגְט צוּא דִיא מְשָׁרְתִים אַז זַייא מוּזִין זִיךְ אָפּ שֵׁיידֶען פוּן זַייא אוּנ זַייא וֶועלִין שׁוֹין אַהֵיים נִיט פָארִין :

וְויא דִיא מְשָׁרְתִים הָאבֶּען דָאס דֶער הֶערְט אִיז זַייא זֵייעֶר שְׁלֶעכְט גִיוָוארֶען . וְויא אַזוֹא וֶועלִין זַייא קוּמֶען אַהֵיים אָן דִיא קִינְדֶער אַזוֹא הָאבֶּען דִיא קִינְדֶערְלִיךְ אָן גִישְׁרִיבֶּען אַ בְּרִיף צוּם פָאטֶער . אַז זַייא קָאנֶען אַהֵים בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט קִימֶען וָוארוּבּ עֶס אִיז זַייא זֵייעֶר שְׁלֶעכְט אוּנ דֶער הֵיים צוּא זַיין אִיבֶּער דֶער שְׁטִיף מוּטֶער ,

אוּנ זַייא הָאבֶּען גִיגֶעבִּין דִיא בְּרִיף צוּא דִיא מְשָׁרְתִים אוּנ דִיא מְשָׁרְתִים הָאבֶּען זַייא גִיגֶעבִּין אַ בִּיסֶעל גֶעלְט זַייא זָאלֶען הָער נִייל הָאבֶּען אוֹיף דֶער הוֹצָאָה דִיא קִינְדֶערְלִיךְ

האבען

הָאבְּן זִיךְ מִיט דִיא מְשָׁרְתִים גִיזֶעגִינְט אוּנ זֶענִין זִיךְ אַוֶועק גִינַאנְגֶען ·

דִיא מְשָׁרְתִים הָאבֶּען אִין לַייפְּסִיג אַיין גִיקוֹפְט דִיא סְחוֹרָה וָואס זַייא הָאבֶּען גִידַארְפְט אוּנ זֶענִין גִיפָארִין אַהֵיים קֵיין לוּבְּלִין ווִיא זַייא זֶענִין גִיקוּמֶען קֵיין לוּבְּלִין זֶענִין זַייא תֵּיכֶף גִיגַאנְגֶען צוּא ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרנִ׳ן אוּנ הָאבֶּען אִים דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה אַז דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען נִיט גִיוָואלְט פָארִין אַהֵיים אוּנ זַייא הָאבֶּען אַרוֹיס גִינוּמֶען דִיא בְּרִיף וָואס דִיא קִינְדֶערְלִיךְ הָאבֶּען זַייא מִיט גִיגֶעבִּין · צוּם פָאטֶער ·

ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרן הָאט דֶעם בְּרִיף אִיבֶּער גִילֵייעֶנְט אוּנ הָאט זֵייעֶר שְׁטַארְק גִיוֵויינְט · עֶר הָאט אַרַיין גִירוּפֶען זַיין ווַייבּ אוּנ הָאט אִיר גִיווִיזֶען דֶעם בְּרִיף אַז דוּרְךְ אִיר זֶענִין נֶעבִּיךְ דִיא קִינְדֶער אַוֶועק פוּן אִים ·

אִיר הָאט דָאס עֶפִּיס קַארְג וָואס גִיהַארְט זִיא הָאט גִידַאנְקְט גָאט זִיא אִיז פוּן זַייא פָּטוּר גִיוָוארֶען :

זִיא הָאט זִיךְ אָבֶּער גָאר פַאר נֶעסִין אַז הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ אִיז אַיין אֲבִי יְתוֹמִים :

ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרן הָאט אַוֶועק גִישִׁיקְט אַיין בְּרִיף קֵיין לַייפְּסִיג צוּם רָב אוּנ אוֹיךְ הָאט עֶר גִישִׁיקְט אַיין בְּרִיף צוּא זַיינֶע סוֹחֲרִים טָאמֶער וֶועט מֶען דָארְט זֶעהִין אַזוֹינֶע צְוֵייא קִינְדֶערְלֶעךְ זָאל מֶען ווִיסֶן אַז עֶס אִיז זַיינֶע צְוֵוייא קִינְדֶערְלֶעךְ אוּנ מֶען זָאל זַייא אַיין רֶעדִין זַייא זָאלֶען פָארֶען אַהֵיים ·

דיא

דִיא קִינְדֶערְלֶעךְ זָענִין אָבָּער בַּאלְד אַוֶועק פוּן לַייפְּסִיג מָען הָאט דִיא קִינְדֶער גִיזִיכְט אִין לַייפְּסִיג עֶטְלִיכֶע וָואכֶען אוּנ מֶען הָאט זַייא נִיט גִיפִינֶען אַזוֹ הָאט מֶען אִים אָפּ גִשְׁרִיבֶּען אַ בְּרִיף פוּן לַייפְּסִיג אַז מֶען הָאט זַייא גִיזִיכְט אוּנ׳ אַ זָענֶען נִישְׁטָא וַוייזְט אוֹיס אַז זַייא זֶענִין וַוייטֶער אַוֶועק ·

ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן הָאט נֶעבִיךְ זַייעָר גִיט גִיוַויינְ אָבָּר עָס אִיז פַאר פַאלֶען :

אַצוּנְד וֶועלִין מִיר אַבִּיסֶעל שְׁמוּסִין וִויא עָס הָאט זִיךְ גִיפַּאסִירְט מִיט דִיא קִינְדֶערְלִיךְ :

וִויא דִיא קִינְדֶערְלִיךְ הָאבֶּען זִיךְ גִיזֶעגִינְט מִיט דִיא מְשָׁרְתִים אַזוֹא הָאבֶּען זַייא זִיךְ בַּאקְלֶערְט אַז זַייא וֶועלִין זַיין אוּנ לַייפְּסִיג וֶועט דֶער פָאטֶער אַנוּרְאַי קוּמֶן צוּא פָארֶען נָאךְ זַייא אוּנ זַייא וֶועלִין מוּזִין פָארֶען מִיט אִים אַ הַ׳ים אוּנ אִין דֶער הַיים וֶוילֶען זַייא זִיךְ נִיט זַיין.

עַל כֵּן זָענִין זַייא תֵּיכֶף אַוֶועק פוּן לַייפְּסִיג זַייא הָאבֶּען זִיךְ גִידִינְגֶען אַ פִּיר גְלַייךְ קַיין בֶּערְלִין וִויא זַייא זָענִין גִיקוּמֶען קַיין בֶּערְלִין אַזוֹא הָאבֶּען זַייא זִיךְ גִישְׁטֶעלְט אוּנ אַיין גִיוָועלְבּ פוּן טִיךְ ׳

דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען בַּייא דֶעם בַּעַל הַבַּיִת זַייעָר נוֹשֵׂא חֵן גִיוָועזְן וַוייל זַייא זָענִין גִיוָועזְן זַייעָר פְלַייסִיג אוּנ דֶער אַרְבִּיט ·

הַכְּלָל דִיא קִינְדֶער זָענִין גִיוָועזְן בַּייא דֶעם גְבִיר עֶטְלִיכֶע

יָאר בִּיז זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּא נוּיף גְיזַאמִילְט הִיפְּשֶׁע עָטְלִיכֶע גוּלְדֶין :

וַיְהִי הַיּוֹם : הָאט זִיךְ גִימַאכְט עֶס אִיז גִיוֶועֶן אַ גְרוֹסֶר יַארִיד אִין לֶעמְבֶּרִיג . הָאט דֶער בַּעַל הַבַּיִת אַרַיין גִירוּפֶען דִיא צְוַוייא בְּרוּדֶער אוּנ הָאט זֵייא גְיזָאגְט אַז עָר פַּאר לַאנְגְט אֵיינֶער פוּן זֵייא זָאל פָארִין קַיין לֶעמְבָּרִיג אוֹיף דֶעם יַארִיד אוּנ אֵיינֶער זָאל זַיין. אוּנ גִיוֶועלְבּ .

וויא דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען דָאס דֶער הֶערְט אִיז זֵייא זֵייעֶר שְׁלֶעכְט גִיוָוארֶען עֶרְשְׁטִינְס ווייל זֵייא הָאבֶען זִיךְ זֵייעֶר לִיבּ גִיהַאט הָאט זֵייא בַּאנְק גִיטָאן זֵייא זָאלֶען זִיךְ צוּ שֵׁיידֶען אוּנ חוּץ דֶעם זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גִישְׁוואֹרִין אַז אֵיינֶער אָן דֶעם אַנְדֶערִין זָאל אִין עֶרְגִיץ נִיט פָּארֶען אוּנ נִיט גֵיין . נָאר ווָאס הֶעלְפְט דָאס דֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט זֵייא זֵייעֶר גִיבֶּעטֶען זֵייא זָאלֶען אִים צוּא לִיבּ טָאן אוּנ זֵייא הָאבֶּן אִים אוֹיךְ נִיט גִיקָאנְט פַּאר זָאגֶען :

אַזוֹא אִיז גִיוָועֶן מֶען הָאט אַיין גִיפַּאקְט זֵייעֶר פִּיל סְחוֹרָה אוּנ דִיא בְּרוּדֶער הָאבֶּען זִיךְ צְווִישֶׁען זִיךְ גִיזֶעגִינְט אוּנ הָאבֶּן זֵייעֶר גִיוֵויינְט :

אַחַר כַּךְ . אוּנ דֶער נָאךְ אִיז אֵיינֶער פוּן זֵייא אַוֶועק גִיפָארִין מִיט דֶער סְחוֹרָה קַיין לֶעמְבָּרִיג אוֹיף דֶעם יַארִיד .

וויא עָר אִיז גִיקוּמֶען קַיין לֶעמְבָּרִיג אוֹיף דֶעם יַארִיד הָאט

הָאט אִים הַשֵּׁם יִתְבָּרֵךְ גִיהָאלְפֶען עֶר הָאט זֵייעֶר מַצְלִיחַ גִיוֶועֶן עֶר הָאט גִילֵייזְט זֵייעֶר פִיל גֶעלְט ׃

הַכְּלַל עֶר הָאט פַאר קוֹפְט דִיא גַאנְצֶע סְחוֹרָה וְואס עֶר הָאט מִיט גִינוּמֶען פוּן בֶּערְלִין ׃

אַטֵייל קוֹפְס לַייט פוּן בֶּערְלִין זֶענִין בַּאלְד אַוֶועק גִיפָארֶן אַהֵיים נָאךְ דֶעם יַארִיד ׃ אוּנ עֶר הָאט זִיךְ בַּאטְרַאכְט עֶר וֵוייסְט דָאךְ וואל ׃ אַז זַיין פָאטֶער אִיז אוֹיךְ אַ גְרוֹסֶער כּוֹחֵר טָאמֶער הָאט זַיין פָאטֶער אוֹיךְ גִישִׁיקְט מֶענְטְשִׁין פוּן זִיךְ אוֹיף דֶעם יַארִיד ׃

עַל כֵּן אִיז עֶר דָארְט גִיבְּלִיבֶּען אוֹיף אַ פָאר טָאג טָאמָר וֶועט עֶר זִיךְ קֶענִין זֶעהִין מִיט זַיין פָאטֶערְס מְשָׁרְתִים ׃

עֶר אִיז אוּם גִינַאנְגֶען אַ פָאר טָאג אוֹיף אַלֶע סְטַאנְצִיעֶס אוּנ הָאט גִיפְרֶעגְט אוֹיף אַזֶעלְכֶע אוּנ אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשִׁין אָבֶער קֵיינֶער וֵוייסְט נִיט ,

ווִיא עֶר הָאט גִיזֶעהִין אַז עֶס אִיז קֵיינֶער נִישְׁטָא פוּן לוּבְּלִין ׃ אַזוֹ הָאט עֶר גִיהֵייסֶען זַיין מְשָׁרֵת עֶר זָאל אַיין שְׁפַּאנֶען דִיא פֶערְד זֵייא זָאלֶען פָארֶען אַהֵיים קַיין בֶּערְלִין ׃

דֶער מְשָׁרֵת הָאט תֵּיכֶּף אַיין גִישְׁפַּאנְט דִיא פֶערְד אוּנ זֵייא זֶענִין גִיפָארִין אַ הֵיים קַיין בֶּערְלִין ׃

חִיא עֶס אִיז גִיקוּמֶען אוֹיף דֶעם וֶועג אַזוֹ הָאט זִיךְ דֶער הִימֶעל פַאר חְמַארְט אוּנ עֶס הָאט אָן גִיהוֹבִּין זֵייעֶר שְׁטַארְק

צוא דִינֶערִין אונ־צוּא בְּלִיצֶען אַז עֶס אִיז גִיוֶעזֶען אַ פַּחַד צוּא הֶערִין דִיא חֲמָארֶע הָאט בַּאדֶעקְט דֶעם הִימֶעל אַז עֶס אִיז גִיוָוארֶען אַזוֹא פִינְצְטֶער אַז מֶען הָאט מַמָשׁ נִיט גִיזֶעהִין דֶעם וֶועג עֶס אִיז זַייא זַייעֶר שְׁלֶעכְט גִיוָוארֶען · עֶר מִיט דֶעם מְשָׁרֵת זֶענִין פַאר יְסוּרִים אַנְשְׁלָאפֶען גִיוָוארֶען · דִיא פֶערְד זֶענִין זִיךְ אַלֵיין גִיגַאנְגֶען אוּנ אַיין גִידִיכְטֶען וַואלְד · צְוִוישֶׁען אַ כַאךְ בֵּייםֶער · אוּנ זֶענִין גִיבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין זַייא הָאבֶּען שׁוֹן נִיט גִיהַאט קַיין שְׁטֶעשְׁקִי · דֶער וַוייל הָאט זִיךְ דֶער מְשָׁרֵת אוֹיף גִיהַאפְּט עֶר זֶעהֶט דִיא פֶערְד שְׁטֵייעֶן צְווִישֶׁן דִי בֵּיימֶער אוּנ קַיין שְׁטֶעשְׁקֶע זֶעהֶט עֶר נִיט אַזוֹא הָאט עֶר אִים בַּאלְד אוֹיף גִיוֶועקְט ·

וְויא עֶר הָאט זִיךְ אוֹיף גִיהַאפְּט אַזוֹא הָאט עֶר אוֹיךְ גִיזֶעהִין דִיא צָרָה אַז זַייא זֶענִין פַאר בְּלָאנְזִיט גִיוָוארֶען אוּנ אַיין גִידֶעכְטֶען וַואלְד ·

אַזוֹא הָאבֶּען זַייא בֵּיידֶע שְׁטַארְק גִיוֵויינְט · נָאר וָואס הֶעלְפְט דָאס גִיוֵויין מֶען מוּז בֶּעסֶר זִיכֶען אַפְּלַאן וְויא אַזוֹא מֶען זָאל אַרוֹיס פוּן דֶעם וַואלְד · דִיא חֲמָארֶע הָאט אָן גְהוֹיבֶּן אַ בִּיסֶעל צוּא גֵיין אוּנ דֶער הוּמֶעל אִיז גִיוָוארֶען לוּיטֶער הָאבֶּען זַייא דִיא פֶערְד צוּא גִיבִּינְדֶען צוּא אַיין בּוֹים · אוּנ זַייא זֶענֶען גִיגַאנְגֶען זִיכֶען עֶרְגִיץ אַיין שְׁטֶעשְׁקִי וְויא אַרוֹם זַייא זָאלֶען קָאנֶען אַרוֹיס פוּן דֶעם וַואלְד :

זַייא זֶענִין אַזוֹ גִיגַאנְגֶען אַיין עֶרֶךְ פוּן אַ שָׁעָה צְוֵייא

אונ דָעם וַואלְד בִּיז עָס הָאט נָאר וָואס אָן גִיהוֹבִּין טָאג צוּא וָוערִין ·

אַזוֹא הָאבָּען זַייא דָער זָעהִין פוּן וַוייטִינְס עָס צַאנְגְט נָאךְ אַ לִיכְטִיל אִין אַשְׁטִיבָּלֶע · אַזוֹ הָאבָּן זַייא זִיךְ גִיקְלָערְט דָאז זַיין · וָואס עָס וִויל מוּז מָען אַרַיין גַיין ·

אַזוֹא אִיז גִיוָועזִין זַייא זָענִין אַרַיין גִיגַאנְגֶען אונ דָעם שְׁטִיבֶּעלֶע אַזוֹא הָאבֶּען זַייא גִיטְרָאפֶען אִין שְׁטִיבָּעלֶע זִיצִין אַ יוּנְגֶע פְרוֹיא זַייעָר אַשֵׁיינֶע וִויא דִיא יוּנְגֶע פְרוֹיא הָאט זַייא דָער זָעהִין אִיז זִיא זַייא אַקֶעגִין גִילָאפֶען אונ הָאט זַייא נִיט אַרַיין גִילָאזְט אִין שְׁטוּבּ נָאר זִיא אִיז מִיט זַייא אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען פוּן דָער שְׁטוּבּ ·

אונ הָאט זַייא גִיזָאגְט לִיבָּע פְרַיינְט אַנְטְלוֹיפְט פוּן דַאנֶען גִישְׁוִוינְד וָוארוּם אִיר זָאלְט וִויסֶען אַז דָא וואוֹנְט אַגַזְלָן אִיךְ בִּין אִים זַייעָר גִיפֶעלִין הָאט עֶר מִיךְ אַוֶועק גִירוֹיבְּט פוּן מַיין מִשְׁפָּחָה אונ הָאט מִיךְ גִינוּמֶען פַאר אַוַוייבּ · אונ אִיר זָאלְט וִויסֶען אַז אַצוּנְד קָאנְט אִיר נָאךְ אַנְטְלוֹפִין וַוייל עֶר אִיז נִיט לַאנְג גִיקוּמֶען פוּן דֶעם רַאבָּווִין עַל כֵּן שְׁלָאפְט עֶר אַצוּנְד זַייעָר גִישְׁמַאק וֶוען עֶר הַאפְּט זִיךְ אוֹיף פִינִים שְׁלָאף זָענְט אִיר פַאר פַאלֶען ·

אונ עֶס טוּט מִיר זַייעָר בַּאנְק אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשִׁין וִויא אִיר זָענְט יוּנְגִי קִינְדָער זָאלְט אִיר אַזוֹ יוּנְג פַאר לָארִין וָוערֶן פוּן דָער וָועלְט ·

וְויא זַייא הָאבֶּען דֶער הֶערְט אִירֶע רֵייד הָאבֶּען זַייא אִיר זֵייעֶר שֵׁיין גִידַאנְקְט פַאר דִיא רֵייד. אִין הָאבֶּען זִיא גִיפְרֶעגְט ווִיא עֶר שְׁלָאפְט הָאט זִיא זַייא גִיווִיזֶען דָאס אוֹרְט ווִיא עֶר אִיז גִישְׁלָאפֶען.

אַזוֹא אִיז עֶר גִיגַאנְגֶען מִיט דֶעם מְשָׁרֵת אִין הָאבֶּען גִינוּמֶען אַהַאק אוּנ זַייא זֶענֶין צוּא גִיגַאנְגֶען שְׁטִילִיר הֵייד צוּא אִים אוּנ הָאבֶּען אִים גִיגִיבֶּען אַ קְלַאפּ מִיט דֶער הַאק אוּנ מוֹחַ אַרַיין.

אַזוֹא הָאבֶּען זַייא אִים בַּאלְד צוּא שְׁפַּאלְטֶען זַיין מוֹחַ אוּנ עֶר אִיז גִיבְּלִיבֶּען טוֹיט:

וְויא דִיא יוּנְגֶע פְרוֹיא הָאט גִיזֶעהִין אַז אִיר מַאן דֶער גַזְלָן לִיגְט שׁוֹין טוֹיט הָאט זִיא זִיךְ זֵייעֶר גִיפְרֵייט זִיא הָאט זַייא זֵייעֶר גִידַאנְקְט דֶער פַאר אוּנ הָאט גִילוֹבְּט הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ וָואס עֶר הָאט זִיא אַרוֹיס גִיהָאלְפֶען פוּן דֶעם גַזְלָן:

זִיא אִיז תֵּיכֶף גִיגַאנְגֶען מִיט זַייא אוּנ דִיא קַאמֶירֶען אוּנ זַייא הָאבֶּען זִיךְ אָן גִינוּמֶען זֵייעֶר פִיל גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער אוּנ אוֹיךְ זֵייעֶר פִיל טַייעֶרִי מַלְבּוּשִׁים אוּנ אֲבָנִים טוֹבוֹת. אוּנ אוֹיךְ הָאבֶּען זַייא מִיט גִינוּמֶען זֵייעֶר פִיל טַייעֶרִי עֶסִין וַוארְג אוּנ זֵייעֶר טַייעֶרִי גִיטְרַאנְקֶען זַייא זָאלֶען הָאבֶּען אוֹיף דֶעם וֶועג.

דֶער נָאךְ הָאבֶּען זַייא גִינוּמֶען דִיא פְרוֹיא אוּנ זֶענִין מִיט אִיר גִיגַאנְגֶען צוּא דֶעם בּוֹים וְויא דִיא פֶערְד זֶענִין גִיוֶועזִן צוּא גִיבּוּנְדֶען.

אונ זייא האבען דאס אלעס אביין גיזעגט אונ דער עגלה. אונ האבען אפ גיבינדען דיא פערד פון דעם בוים אונ דיא פרויא האט זייא גיוויזען וויא ארום זייא זאלען ארויס פארען פון דעם וואלד.

אזוא זענין זייא גלייך גיפארין מיט דעם וועג וויא דיא פרויא האט זייא גיוויזען ביז השם יתברך האט זייא גיהאלפין זייא זענין ארויס גיפארען פון דעם וואלד אונ זענין גיקומען אויף דעם וועג וויא זייא האבען גידארפט פארען קיין בערלין.

דארט זענין זייא זיך שוין גיפארען זייער רואיג. אונ אויך זייער פריילעך.

אויף דעם וועג האט דיא פרויא אים דער ציילט אז זיא איז איין גבירש קינד אונ איז איין גילערינטי:

הכלל דיא פרויא איז אים זייער גיפעלין וויא זייא זענען גיקומען קיין בערלין איז אים דער בעל הבית מיט זיין ברודער אקעגין גילאפען זייא האבען אים גיפרעגט פאר וואס ער האט זיך אזוא לאנג פאר זאמט אין לעמבריג ער האט זייא דער ציילט דיא גאנצע גישיכטע וויא אזו עס האט זיך מיט אים גיפאסירט אויף דעם וועג.

אונ אויך האט ער זייא גיוויזען דאס עשירות וואס זייא האבען צוא גינימען בייא דעם גזלן. אויך האט ער דער ציילט פאר זיין בעל הבית אונ פאר דעם ברודער אז דיא

דִיא פְרוֹיא אִיז אִים זֵייעֶר גִיפֶעלִין אַזוֹ הָאט אִים דֶער בַּעַל הַבַּיִת אוֹיךְ גִיהֵייסִין עֶר זָאל מִיט אִיר חֲתוּנָה הָאבֶּען ׃

עֶר הָאט מִיט דֶער פְרוֹיא אַשִׁידוּךְ גִיטָאן ׃ אוּנ אַקָערְצֶער צַייט הָאט מֶען גִימַאכְט זֵייעֶר אַפְּרֶעלִיכֶע חֲתוּנָה נָאךְ דֶער חֲתוּנָה הָאט עֶר זִיךְ שׁוֹין אַלֵיין גִידִינְגֶען אַגְרוֹיס גִיוֶועלְבּ אוּנ הָאט שׁוֹין אַלֵיין גִיפִירְט זֵייעֶר גְרוֹיסֶע גִישֶׁעפְטֶען אוּנ עֶר אִיז גִיוֶוען אַיין גְרוֹסֶער מוּצְלַח ׃

אַחַר כַּךְ ׃ דֶער נָאךְ הָאט זַיין בְּרוּדֶער אוֹיךְ גִיטָאן זֵייעֶר אַ גְרוֹסֶען שִׁידוּךְ אוּנ הָאט אוֹיךְ צוּא מַזָל חֲתוּנָה גִיהַאט אוּנ זַיין בְּרוּדֶער הָאט אִים תֵּיכֶף גִינוּמֶען צוּא זִיךְ פַאר אַשׁוּתָּף אוּנ הַשֵּׁם יִתְבָּרֵךְ הָאט זֵייא גִיהָאלְפֶען זֵייא הָאבֶּען גִיהַאט גְרוֹיס הַצְלָחָה ׃

אצוּנְד וֶועלֶען מִיר אַבִּיסֶעל שְׁמוּסֶען וִויא עֶס הָאט זִיךְ גִיפַּאסִירְט מִיט זֵייעֶר פָאטֶער ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן ׃

וִויא דִיא צְוֵוייא קִינְדֶערְלִיךְ זֶענִין אַוֶועק פוּן ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹנ׳ן אַזוֹ הָאט אִים אָן גִיהוֹבֶּען גֵיין אַרָאפּ ׃

עֶס אִיז אִים גִיגַאנְגֶען צוּא רִיק דָאס מַזָל עֶר אִיז גִיוָואהְרֶן אַ יוֹרֵד מִנְּכָסָיו עֶס אִיז אִים אַזוֹ שְׁלֶעכְט גִיוָוארִין אַז עֶר אִיז גִיקוּמֶען אוֹיף כִּכַּר לֶחֶם ׃

דִיא קִינְדֶער וָואס עֶר הָאט גִיהַאט מִיט דֶער בְּתוּלָה זֶענִין אִים אַלֶע אוֹיס גִישְׁטָארְבֶּען אוּנ עֶר אִיז נָאר גִיבְּלִיבֶּען אַלֵיין מִיט דֶעם ווייבּ אִין לוּבְּלִין צוּא זַיין אוּנ גֵיין בֶּעטְלִין אִיז

איז אִים גיוועזען זֵייעֶר אַ חֶרְפָּה וְחִזּוּק מִזֶה הָאט עֶר זִיךְ דֶער מַאנְט אוּנ זַיינֶע קִינְדֶער :

הַכְּלָל עֶר הָאט אָפּ גִירֶעט מִיט זַיין וַוייבּ זַייא זָאלֶען זִיךְ אַוֶועק לָאזֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט . עֶר הָאט אִיר גִיזָאגְט זַייא זָאלֶען זִיךְ לָאזֶען קַיין לַייפְּסִיג טָאמֶער וֶועלֶען זַייא זֶעהִין דִיא קִינְדֶערְלִיךְ אָבֶּער זִיא הָאט בְּשׁוּם אוֹפֶן נִיט גִיוָואלְט . וָוארוּם זִיא הָאט זִיךְ גִיוִויסְט אַז דִיא קִינְדֶער וֶועלֶען אָן אִיר אַ נְקָמָה הָאבֶּען .

וִויא ר' יַעֲקב אַהֲרן הָאט גִיזֶעהִין אַז זִיא וִויל מִיט אִים נִיט גֵיין קַיין לַייפְּסִיג . אַזוֹ הָאט עֶר אִיר צוּא גִישְׁווארֶען אַז עֶר וֶועט נִיט גֵיין מִיט אִיר קַיין לַייפְּסִיג .

רַק זֵייא וֶועלֶען זִיךְ לָאזֶען אִין אַיין אַנְדֶער שְׁטָאט , זַייא הָאבֶּען זִיךְ גִילָאזְט גֵיין פוּן דָארְף צוּ דָארְף , וִויא זַייא הָאבֶּען גִיטָאגְט הָאבֶּען זֵייא נִיט גִינֶעכְטִיגְט , הַכְּלָל עֶס אִיז זַייא זֵייעֶר שְׁלֶעכְט גִיוָועזֶען .

אַז עֶס אִיז אָבֶּער שׁוֹין גִיקוּמֶען דִיא צַייט זַייא זָאלִין גִיהָאלְפֶען וֶוערֶען , זַאגֶען זֵייא אַזוֹי גִיגַאנְגֶען אוֹיף דֶעם וֶועג פָארְט אַ גְרוֹסֶער סוֹחֵר אַ לִיבְּלִינֶער , אוּנ פָארְט גְלַייךְ קַיין בֶּערְלִין .

וִויא עֶר הָאט דֶער זֶעהִין אַז ר' יִשְׂרָאֵל אַהֲרן גֵייט מִיט זַיין וַוייבּ , הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁטָעלְט אוּנ הָאט גִישִׁיקְט זַיין מְשָׁרֵת עֶר זָאל זֵייא זָאגֶען אוֹיבּ זַייא וִוילֶען פָארֶען מִיט אִים

אִים קַיין בֶּערְלִין ׳ וָועט עֶר זַייא גֶעמֶען מִיט זִיךְ ׃

דָער מְשָׁרֵת אִיז תֵּיכֶּף גִיגַאנְגֶען צוּ ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹנ׳ן מִיט זַיין ווַייבּ אוּנ הָאט זַייא גִיזָאגְט אַז זַיין בַּעַל הַבַּיִת הָאט אִים גִישִׁיקְט פְרֶעגֶען אוּבּ זַייא ווִילֶען פָארֶען מִיט אִים קַיין בֶּערְלִין אַזוֹי וָועט עֶר זַייא גֶעמֶען מִיט זִיךְ ׃

ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן הָאט זִיךְ בַּאקְלֶערְט וָואס אִיז אִים פַּאר אַ חִילּוּק, בֶּערְלִין אִיז דָאךְ אַגְרוֹיסֶע שְׁטָאט דָארְט וָועט עֶר קָאנֶען מַאכֶען אַ סַךְ גֶעלְט ׃

אַזוֹי הָאט עֶר זַייעֶר שֵׁיין גִידַאנְקְט דֶעם סוֹחֵר פַּאר דֶער טוֹבָה, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אַרַיין גִיזֶעצְט מִיט זַיין ווַייבּ אִין דֶער קַארִיטֶע מִיטֶ'ן סוֹחֵר, זַייא זַאנֶען גִיפָארֶען גְלַייךְ קַיין בֶּערְלִין אַ גַאנְץ וֶועג, דֶער סוֹחֵר הָאט זַייא גִיגֶעבֶּען עֶסֶן אוּנ טְרִינְקֶען בִּיז בֶּערְלִין ׃

ווִיא זַייא זֶענֶען גִיקוּמֶען קַיין בֶּערְלִין, אַזוֹי הָאט דֶער סוֹחֵר גִיגִיבֶּען זַייעֶר אַ שֵׁיינֶע נְדָבָה ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹנֶען אוּנ ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן הָאט אִים זַייעֶר שֵׁיין גִידַאנְקְט, אוּנ אִיז זִיךְ אַוֶועק גִיגַאנְגֶען מִיטֶען ווַייבּ גְלַייךְ צוּם מַכְנִיס אוֹרֵחַ, אַזוֹי ווִיא דֶער שְׁטֶייגֶער אִיז פוּן אַלֶע אָרוּמֶע לַייט וָואס קוּמֶען אִין דִיא פְרֶעמְדֵי שְׁטֶעט ׃

ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן אִיז גִיוֶוען בַּייא דֶעם מַכְנִיס אוֹרֵחַ עֶטְלִיכֶע טֶעג מִיט זַיין ווַייבּ, עֶר אִיז שׁוֹין גִיוָוארֶען בַּייא קָאנְט מִיט דִיא אָרוּמֵי לַייט ׃ אוּנ פְלֶעג שׁוֹין מִיט זַייא גֵיין אוֹיף אַלֶע בֶעוּדוֹת ׃

אַיין

אַיין טָאג הָאט זִיךְ גִימַאכְט עָס אִיז גְרָאד נִיט גִיוֶועזֶען קַיין שׁוּם סְעוּדָה אַזוֹ הָאבֶּען אַלֶע אָרוּמֶע לַייט גִיגֶעסְן בַּייא דֶעם מַכְנִיס אוֹרֵחַ.

ווִיא דִיא אָרוּמִי לַייט זַאנֶען אַזוֹ גִיזֶעסֶען בַּייא דֶעם טִישׁ רוּפְט זִיךְ אָן אַיין אָרוּמַאן, קִינְדֶער אִיר זָאלְט ווִיסֶען אַז מָארְגֶען אי״ה וֶועלֶען מִיר הָאבֶּען זֵייעֶר אַ גְרוֹסִי סְעוּדָה דִיא צְווֵייא שֻׁתָּפִים דִיא גְבִירִים מַאכֶען מָארְגֶען אַ סְעוּדָה אוֹיף אָרוּמֶע לַייט אוּנ מֶען וָועט טֵיילֶען זֵייעֶר פִיל גֶעלְט.

ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן פְרֶעגְט זֵייא וֶוער זַאנֶען זֵייא. דֶער צֵיילֶען אִים דִיא אָרוּמִי לַייט, זֵייא זַאנֶען צְווֵייא בְּרוּדֶער אוּנ זַאנֶען אַלֵיין פוּן לוּבְּלִין, נָאר זֵייא זַאנֶען גִיקוּמֶען אַהֶער פַאר עֶטְלִיכֶע יָאר אוּנ זַאנֶען דָא זֵייעֶר בַּאגְלִיקְט גִיוָוארִין. אַצוּנְד ווִילֶען זֵייא פָארֶען צוּא זֵייעֶר פָאטֶער קַיין לוּבְּלִין, עַל כֵּן פַאר דֶעם פָארֶען מַאכֶען זֵייא אַ סְעוּדָה אוּנ וֶועלֶען זִיךְ גִיזֶעגִינֶען מִיט דֶער שְׁטָאט.

ווִיא ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹן מִיט זַיין ווַייבּ הָאבֶּען דָאס דֶער הֶערְט הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גִימַאכְט נִיט ווִיסִינְדִיג, זֵייא הָאבֶּען שׁוֹין גִידַאנְקְט גָאט אַז דֶער מֵעת לֵעת אִיז אַוֶועק גִיגַאנְגֶען.

ווִיא עֶס אִיז גִיקוּמֶען אוֹיף מָארְגִין פְרִיא אִיז דֶער שַׁמָשׁ גִיקוּמֶען צוּם מַכְנִיס אוֹרֵחַ אוּנ הָאט גִירוּפֶען אַלֶע אָרוּמִי לַייט אוֹיף דֶער סְעוּדָה.

דֶער שַׁמָשׁ זֶעט ר׳ יִשְׂרָאֵל אַהֲרֹנִין מִיט זַיין ווַייבּ עֶפִּים נִיט קַיין בַּאקַאנְטֶער אָרוּמַאן, דֶער שַׁמָשׁ פְרֶעגְט אִים

ווער

ווער ער איז , ענטפערט אים איך בין א לובלינער .

דער שמש איז גישווינד גילאפען צוא דיא שותפים דיא גבורים אונ זאגט זייא איך בין גיוועזן בייא דעם מבנים אורח האב איך גיזעהן איין לובלינער ארומאן , ער הייסט ישראל אהרן ער איז ערשט יענע וואך גיקומען פון לובלין , דיא קינדער האבען באלד גישיקט נאך א מאל דעם שמש ער זאל גיין גישווינד אונ זאל זייא רופען דעם ארומאן .

דער שמש איז גישווינד גילאפען צום מבנים אורח אונ האט גיזאגט ר׳ ישראל אהרנין אז דיא בעלי בתים רופען אים , ר׳ ישראל אהרן האט באלד גינומען זיין ווייב אונ איז גיגאנגען מיט איר צוא זייא .

וויא זייא זאנען גיקומען צוא דיא שותפים . אזו האבען דיא קינדער באלד דער קענט דעם פאטער מיט דער שטיף מוטער , אונ דער פאטער האט זייא ניט דער קענט . זייא זאנען אים באלד גיפאלען אויף דעם האלז אונ האבען זיך גיקישט אונ האבען נעביך זייער שטארק גיוויינט .

דער נאך האט זייא דער פאטער דער ציילט זיינע אומגליקן וואס ער האט גיהאט צייט זייא זאנען פון אים אוועק אונ אלע קינדער זאנען בייא אים אוים גישטארבען אונ ער איז נאר גיבליבען אליין מיטען ווייב . אונ ער האט גימוזט ווערען א מחזיר על הפתחים , אונ בייא דעם דער ציילען האבען זייא אלע זייער גישמאק גיוויינט .

דיא

דיא קִינְדֶר הָאבֶּען תֵּיכֶּף גִיהַייסֶען אַרַיין טְרָאגִין אַנְדֶערֶי מַלְבּוּשִׁים פַאר דֶעם פָאטִירְס וָועגֶען אוּנ אוֹיךְ פַאר דֶער שְׁטִיף מוּטֶערְס וָועגֶען אינ הָאבֶּען זִיךְ זֵייעֶר גִיפְרַייט מִיט דֶעם פָאטֶער אוּנ אוֹיךְ מִיט דֶער שְׁטִיף מוּטֶער ׃

דֶער נָאךְ זַאנֶען גִיקוּמֶען אַלֶע אָרוּמִי לַייט אוֹיף דֶער סְעוּדָה אינ מֶען הָאט זַייא גִיגִיבֶּען זֵייעֶר פִיל צוּ עֶסִין אוּנ צוּ טְרִינְקֶען אוּנ מֶען הָאט זַייא גִיטַיילְט זֵייעֶר פִיל נְדָבוֹת ׃

דֶער נָאךְ זַאנֶען גִיקוּמֶען דִיא אַנְשֵׁי חֲשׁוּבִים פוּן בֶּערְלִין אוּנ מֶען הָאט גִימַאכְט זֵייעֶר אַ שַׁארְפֶע סְעוּדָה פוּן זַייעֶרְט וָועגֶען , אוּנ דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען דֶער צֵייל̇ט פַאר אַלֶע מֶענְטְשֶׁען דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה וִויא עֶס הָאט זִיךְ גִפַּאסִירְט מִיט זַייא וִויא אַזוֹ דִיא שְׁטִיף מוּטֶער הָאט זַייא גִיפַאנִיגְט , אוּנ וִויא אַזוֹ הַשֵׁי״ת אִיז אֲבִי יְתוֹמִים אוּנ הָאט זֵיי גִיהָאלְפִין אַזוֹי פִיל עֲשִׁירוּת מִיט אַזוֹ פִיל גְדוּלָה , דֶער נָאךְ הָאט מֶען גִיגֶעסֶען אוּנ גִיטְרוּנְקֶען אוּנ מֶען הָאט זִיךְ זֵייעֶר גִיפְרַייט ׃

נָאךְ דֶער סְעוּדָה הָאבְּען דִיא קִינְדֶר אִים גִגִיבֶּן זֵייעֶר פִיל גֶעלְ̇ט אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַיין גְרוֹיס גִישֶׁעפְט אוּנ עֶס הָאט אִים אָן גִיהֵייבֶּען גֵיין מִיט הַצְלָחָה ׃

אוּנ פוּן דִיא קִינְדֶער הָאט עֶר גִיזֶעהִין בָּנִים וּבְנֵי בָנִים עוֹסְקִים בַּתּוֹרָה , עֶס אִיז גִיוָועֶן תּוֹרָה וּגְדוּלָה בְּבָקוֹם

אחד

אָחָר, השי״ת זָאל אונְז אויךְ הֶעלְפֶען מִיר זָאלֶען זִיךְ
עָלְטָערָען מִיט דִיא עָרְשְׁטִי ווַייבֶּער, אונ מִיר זָאלֶען זוכֶה
זַיין בָּנִים וּבְנֵי בָּנִים עוֹסְקִים בַּתּוֹרָה׳ וּזְכוּת הַתּוֹרָה זָאל
אונְז בַּייא שְׁטֵיין אָמֵן :

עֶנדֶע

פון דער מַעֲשֶׂה זָאל יֶעדֶער מֶענְטְשׁ אַרָאפּ נֶעמֶען אַ מוּסָר אַז מֶען טָאר נִיט זַיין קַיין נוֹקֵם וְנוֹטֵר, חָאטְשִׁי דִיא מִיטֶער הָאט זַייא גִיפַּיינִיגְט, פוּן דֶעסְט וֶועגֶען אַז זַייא אִיז אָן גִיקוּמֶען צוּא זַייא הָאבֶּען זַייא אַלֶעס פַאר גֶעסֶען, אוּנ הָאבֶּען אִיר נָאךְ אָן גִיטָאן גְרוֹיס כָּבוֹד.

אוֹיךְ קֶען מֶען אַרוֹיס זֶעהֶען אַז הַשֵׁי״ת אִיז אֵיין אֲבִי יְתוֹמִים, אוּנ טוּט מִיט אוּנְז נִסִים וְנִפְלָאוֹת.

# אַשֵׁיינִי אוּנ װוּנְדֶערְלִיכֶע

# מַעֲשֶׂה

פון ר׳ אֶפְרַיִם מוֹכֵר דָגִים, נֶכֶד שֶׁל הָרַב
הַגָאוֹן הַגָדוֹל הַצַדִיק שֶׁל ר׳ שְׁלֹמֹה מָרְדְכַי
מ״מ דק״ק בְּרִיסְק׃

---

הובא לביה״ד ע״י ר׳ ישראל בראָדעצקא מ״ס מב״ד
על עיר ישן בנומער 272

**בזיטאמיר**

ברפוס הרבני מוה׳ יצחק משה באקשט נ״י

בשנת **תרלז** לפ״ק

ЖИТОМИРЪ
Въ Типографіи И. Бакста
1876

אִין דָער גְרוֹסֶער שְׁטָאט בַּאגְדַאד הָאט גִיוואוֹנְט אַיין יוּד וָועלְכִיר מָען הָאט אִים גִירוּפֶען ר׳ אֶפְרַיִם פִישֶׁער : זַיין פַּרְנָסָה פְלֶעג זַיין דֶער פוּן וָואס עֶר פְלֶעג שְׁטֶענְדִיג אוּם פָארִין אוֹיף דֶעם יַם מִיט אַשִׁיף אוּנ פְלֶעג חַאפִּין פִישׁ אוּנ פַאר קוֹפִין דֶער פוּן הָאט עֶר זִיךְ גִינֶערְט כָּל יָמָיו . אַיין וַוייבּ הָאט עֶר גִיהַאט מִיט צְוֵוייא קִינְדֶערְלִיךְ . דִיא צְוֵוייא קִינְדֶערְלִיךְ הָאבִּן זִיךְ זֵייעֶר לִיבּ גִיהַאט דָאס לִיבְּשַׁאפְט פוּן דִיא קִינְדֶערְלִיךְ אִיז גָאר נִיט צוּא בַּאשְׁרַייבֶּען . זֵייא זַאנִין גִיגַאנְגֶען בֵּייְדֵי אִין חֵדֶר זֵייא הָאבֶּען גִילֶערִינְט אוּנ אֵיינִים אוּנ הָאבֶּען גִיגֶעסִין אוּנ אֵיינִים אוּנ גִישְׁלָאפֶען אוּנ אֵיינִים :

וַיְהִי הַיּוֹם הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַז דָער פָאטֶער אִיז גִיפָארֶען אוֹיף דֶעם יַם כְּמִנְהָגוֹ . דֶער וַוייל הָאט עֶר דֶער זֶעהִין פוּן וַוייטִינְס אַ גְרוֹיסֶען פִישׁ . הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד גִילָאזְט גִישְׁוִוינְד מִיט דֶעם שִׁיפֶעל . אוּנ אִיז צוּא גִישְׁוִוימֶען צוּם פִישׁ . אָבֶּער וְויא עֶר אִיז צוּא גִיקוּמֶען צוּם פִישׁ אוּנ הָאט אִים גִיוָואלְט חַאפִּין אַזוֹא הָאט אִים דֶער פִישׁ אַוֶועקְ גִיגֶעבֶּען מִיט דֶער שִׁיף הָאט זִיךְ דִיא שִׁיף אִיבֶּער גִיקָערְט אוּנ ר׳ אֶפְרַיִם אִיז אַרַיין גִיפַאלִין אִין יַם אוּנ אִיז דֶער טְרֶענְקִין גִיוָוארֶען :

וְויא עֶס אִיז נַאכְט גִיוָוארִין אִין דָאס וַוייבּ מִיט דִיא קינדערליך

קִינְדֶערְלִיךְ הָאבֶּען גִיזֶעהִין אַז עֶר אִיז נִישְׁט דָא . אַזוֹ זֶענִין זַייא בַּאלְד גִילָאפִין צוּם יַם .

אָבֶּער וִויא זַייא זֶענִין גִיקוּמֶען צוּם יַם הָאבִּין זַייא גִיזֶעהִין אַז דִיא שִׁיף וָואס עֶר פְלֶעגְט מִיט אִיר שְׁטֶענְדִיג זִיךְ שִׁיפִין . שְׁטֵייט זִיא אוֹיף דֶעם וַואסִיר אוּנ עֶר אִיז נִישְׁט דָא אַזוֹ הָאבֶּן זַייא זַייעֶר שְׁטַארְק אָן גִיהוֹבֶּן צוּא וַויינֶען . אָבֶּער וָואס הֶעלְפְט דָאס עֶס אִיז פַאר פַארֶען .

זַייא הָאבֶּען זִיךְ שׁוֹין מְשַׁעֵר גִיוֶועזְן מִן הַסְתָם אִיז עֶר דֶער טְרָענְקִין גִיוָוארֶען : דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען בֵּיידֶע גִינוּמֶען אַ שִׁיפִיל אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גִילָאזְט אוֹיף דֶעם וַואסֶער זַייא זָאכֶן אָפּ זִיכֶען זַייעֶר פָאטֶער .

זַייא זֶענִין אַזוֹא אַרוּם גִישִׁיפְט זִיךְ צְוֵוייא טָאג מִיט צְוֵוייא נֶעכְט אוֹיף דֶעם וַואסֶער אוּנ זַייא הָאבֶּען גָאר נִיט גִיזֶעהִין אוֹיף דֶעם דְרִיטֶען טָאג הָאבֶּען זַייא דֶער זֶעהִין וִויא דֶער פָאטֶער אִיז אַרוֹיף אוֹיף דֶעם וַואסֶער פוּן אוּבִין . אַזוֹא הָאבֶּען זַייא אִים בַּאלְד גִינוּמֶען אוּנ הָאבֶּען אִים גִיבְּרֶענְגְט אַהֵיים קַיין בַּאגְדַאד אוּנ הָאבֶּען אִים מְקַבֵּר גִיוֶועזְן .

אַחַר כַּךְ . דֶער נָאךְ הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער זִיךְ גִינוּמֶען אוֹיךְ צוּא דֶער אֵייגִינֶער פַּרְנָסָה . זַייא פְלֶעגִין אוֹיךְ שִׁיפֶען זִיךְ אוּנ הָאבֶּען גִיהַאפְּט פִּישׁ אוּנ דֶער פוּן הָאבֶּען זַייא זִיךְ מְפַרְנֵס גִיוֶועזְן מִיט זַייעֶר מִיטֶער :

וַיְהִי הַיּוֹם הָאט זִיךְ גִיטְרָאפֶען אַז דִיא קִינְדֶער זֶענֶען גִישְׁווּימֶען ;

גִישְׁווִימֶען אויף דֶעם יַם אַיין עֶרֶךְ פוּן אַטָאג אַכְט אוּנ הָאבֶּן נִיט גִיחַאפְּט קַיין שׁוּם פִּישׁ אִיז זַייא זַייעֶר שְׁלֶעכְט גִיוָוארֶען זַייא הָאבֶּען נִיט גִיהַאט וָואס צוּא עֶסִין · אַזוֹא הָאבֶּען דִיא קִינֶדֶער אָפּ גִירֶעט צְווִישִׁין זִיךְ זַייא זָאלִין זִיךְ צוּא שֵׁיידֶען ·

אֵיינֶער זָאל זִיךְ אַוֶועק לָאזִין מִיט אַ שִׁיף אויף אַיין זַייט יַם אוּנ דֶער אַנְדֶרֶער זָאל זִיךְ אַוֶועק לָאזִין אויף דֶער אַנְדֶרֶער זַייט טָאמִיר וֶועט זַייא הַשֵּׁם יִתְבָּרֵךְ הֶעלְפִין זַייא וֶועלִין עֶרְגִיץ אָפּ זִיכֶען אַיין אָרְט וָואס עֶס אִיז דָא גִינוּג פִּישׁ ,

הֲגַם עֶס אִיז זַייא זַייעֶר שְׁלֶעכְט גִיוֶועזֶן דָאס צוּא שֵׁיידְן וָוארוּם זַייא הָאבֶּען זִיךְ זַייעֶר לִיבּ גִיהַאט · נָאר וָואס הֶעלְפְט דָאס · אַז זַייא הָאבֶּען קַיין אַנְדָרִי בְּרֵירָה נִיט ·

הַכְּלַל דִיא קִינְדֶערְלִיךְ הָאבֶּען זִיךְ זַייעֶר גִיט אוּס גִוַויינְט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גִיזֶעגִינְט · אוּנ דֶער אִיז אַוֶועק מִיט אַ שִׁיף אויף אֵיין זַייט יַם אוּנ דֶער אַנְדֶרֶער אִיז אַוֶועק אויף דֶער אַנְדֶרֶער זַייט יַם ;

דִיא קִינְדֶער · אֵיינֶער הָאט גִיהֵייסִין חַיִים · אוּנ דֶער אַנְדֶרֶער הָאט גִיהֵייסֶען שְׁמוּאֵל :

דָאס קִינְד חַיִים אִיז אַרוּם גִיפָארִין אויף דֶעם יַם אַיין עֶרֶךְ פוּן אַטָאג אַכְט אויף דֶעם יַם אוּנ הָאט גָאר נִיט גִיפִינֶען קַיין שׁוּם אוֹרְט פוּן פִּישׁ ·

אַזוֹא הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד גִילָאזְט אַ הֵיים וִויא עֶר אִיז גִיקוּמֶען אַהֵיים צוּא דֶער מִיטֶער · הָאט עֶר זִיא גִיפְרֶעגְט אוּף

זַיין בְּרוּדֶער שְׁמוּאֵל. דִיא מוּטֶער הָאט אִים גִיעֶנְטְפֶערְט אַז זִיא וַייסְט נִיט וִויא עֶר אִיז.

אַזוֹא הָאבֶּען זַייא זִיךְ זֵייעֶר גִיט אוּים גִיוַויינְט. אוּנ עֶס הָאט זַייא זֵייעֶר בַּאנְק גִיטָאן אוּיף דֶעם וָואס זַייא הָאבֶּען אִים אַוֶועק גִישִׁיקְט. דִיא מִיטֶער מִיט דֶעם קִינְד וֶענִין אַזוֹ גִיזֶעסִין אַ צַייט זַייא הָאבֶּען גִיזֶעהִין אַז זַייא הָאבֶּען נִיט וָואס צוּא עֶסִין.

אוּנ אִין בַּאנְדַאד אַלֵיין אוּם גֵיין אוּנ דִיא הַייזֶער אִיז זַייא גִיוֶועזִן זֵייעֶר אַגְרוּסֶע שַׁאנְדֶע;

אַזוֹא הָאבֶּען זַייא זִיךְ אַוֶועק גִילָאזְט אוּנ אַיין אַנְדֶרֶער שְׁטָאט אוּנ וֶענִין דָארְט אוּם גִיגַאנְגֶען אִין דִיא הַייזֶער.

דֶער הַיִּים אִיז אַלְט גִיוָוארֶען אַכְטְצֶעהֶן יָאר הָאט עֶר אַ שִׁידוּךְ גִיטָאן מִיט אַיין אָרוּמַאנְם אַ טָאכְטֶער וֶועלְכֶע זִיא פְּלַייג אוֹךְ אוּם גֵיין אִין דִיא הַייזֶער.

אַצוּנְד וֶועלִין מִיר זַייא לָאזִין דֶער וַוייל גֵיין אַבִּיסֶעל אִין דִיא הַייזֶער. אוּנ מִיר וֶועלִין אַ בִּיסֶעל שְׁמוּסֶען פוּן דֶעם קִינְד שְׁמוּאֵל וִויא אַזוֹ עֶס הָאט זִיךְ מִיט אִים גִיפַּאסִירְט זִינְט עֶר אִיז אַוֶועק פוּן דֶעם בְּרוּדֶר מִיט דֶער מוּטֶר:

וִויא דָאס קִינְד שְׁמוּאֵל אִיז אַוֶועק מִיט דֶעם שִׁיפֶּעל אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ גִישִׁיפְט עֶטְלִיכֶע טֶעג מִיט עֶטְלִיכֶע נֶעכְט.

אחר

אַחַר כָּךְ . דֶער נָאךְ איז גִיוָוארֶען אַגְרוֹיסֶער ווִינְט . אונ עֶס הָאט אָן גִיהוֹבֶּען צוּא זֶעצִין אַגְרוֹיסֶע חְוַואלֶיעֶ פוּן דֶעם יַם אונ עֶס הָאט אִים פַאר טְרָאגֶען גַאנְץ וַוייט בִּיז עֶר הָאט שׁוֹין נִיט גִיוְוִיסְט בַּייא וֶועלְכִין אוֹרְט עֶר אִיז אונ עֶסִין הָאט עֶר שׁוֹין אוֹיךְ נִיט גִיהַאט אַזוֹ אִיז אִים זֵייעֶר שְׁלֶעכְט גִיוָוארֶען עֶר הָאט אָן גִיהוֹבֶּען כְּתְפַלֵּל זַיין צוּא הַשֵּׁם יִתְבָּרֵךְ מִיט גְרוֹס גִיוַויין . בִּיז עֶר אִיז חַלָּשׁוּת גִיבְּלִיבֶּן אַזוֹ ווִיא עֶר אִיז גִיבְּלִיבֶּען לִיגֶען אָן כַּאכְט אִיז אוּם גִיקוּמֶען זַיין פָאטֶער ר׳ אֶפְרַיִם צוּא חָלוֹם אוּנ הָאט אִים גִיזָאגְט מַיין קִינְד זָאלְסְט זִיךְ גָאר נִישְׁט זָארְגֶען .

שְׁטֵייא אוֹיף אוּנ גֵייא אַרוֹם פוּן דֶעם שִׁיפֶעל אונ זָאלְסְט זִיךְ לָאזֶען גֵיין מִיט דֶער שְׁטֶעשְׁקִי וֶועסְטוּ קוּמֶען צוּא אַיין יִשׁוּב . אונ דִיא וֶועסְט נָאךְ בַּאגְלִיקְט וֶוערֶען . אִין דֶער פָאטֶער אִיז בַּאלְד נִיט גִיבְּלִיבֶּען .

שְׁמוּאֵל הָאט זִיךְ בַּאלְד אוֹיף גִיהַאפְּט פוּן־דֶעם שְׁלָאף , עֶר זֶעט אַז זַיין שִׁיפֶעל שְׁטֵייט לֶעבֶּען אַיין בְּרֶעג , אַזוֹ אִיז עֶר בַּאלְד אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען פוּן דֶעם שִׁיפֶעל , עֶר זֶעט פַאר זִיךְ נִיט קֵיין שׁוּם יִשׁוּב , נָאר פֶעלְד , עֶר לָאזְט זִיךְ בַּאלְד גֵיין מִיט דֶער שְׁטֶעשְׁקֶע וָואס עֶר הָאט פַאר זִיךְ גִיזֶעהֶען עֶר אִיז אַזוֹ גִיגַאנְגֶען אַגַאנְצֶע טָאג בִּיז עֶס אִיז נַאכְט גִיוָוארִין אִיז גִיוָוארֶען זֵייעֶר פִינְצְטֶער , עֶר הָאט זִיךְ גִיקְלֶערְט נֶעכְטִיגֶען אִין מִיטֶען פֶעלְד הָאט עֶר מוֹרָא , עֶר וֶועט לִיבֶּערְשְׁט גֵיין וַוייטֶער ווִיא עֶר הָאט זִיךְ גִילָאזְט גֵיין אַ בִּיסֶעל וַוייטֶער אַזוֹ הָאט עֶר פוּן וַוייטֶען דֶער זֶעהֶען אַ גְרוֹסֶען בַּארְג אוּנ

אַ פֵייֶער לַייכְט זִיךְ אויף דֶעם בַּארְג ·

אַזוֹ אִיז עֶר גְלַייךְ גִינַאנְגֶען צוּם פֵייֶער עֶר קוּמְט צוּ גֵיין שְׁטֵייט אַ גְרוֹסֶער פַּאלִיץ אוּנ עֶס בְּרֶענְט לֶעכְט אִין אַלֶע חֲדָרִים עֶר אִיז דֶער שְׁרָאקִין גִיוָוארֶען קִיקִינְדִיג עֶר גֵייט אַרַיין אִין פַּאלִיץ פָּארִינְט אִין קִיךְ עֶס שְׁטֵייעֶן זֵייעֶר טַייעֶרִי מַאֲכָלִים עֶר הָאט זִיךְ מְחַיֶה גִיוֶועֶן נָאר פוּן דֶעם רֵיחַ עֶר גֵייט וֵוייטֶער עֶס אִיז גִיגְרֵייט צוּם טִישׁ מִיט שֵׁיין זִילְבֶּער אוּנ מִיט אַלִ'י פַּאר גִינוּגֶען עֶר קוּקְט זִיךְ אַרוּם עֶס אִיז קֵיינֶער נִיטָא , עֶר פְּרִיבְט אַרוּם גֵיין שְׁטַארְק אוּנ קְלָאפִּין מִיט דִיא פִּיס טָאמֶער וֶועט אוּמִיצֶער דֶער הָארְכִין אָבֶּער קֵיינֶר רוּפְט זִיךְ גָאר נִיט אָן , עֶר הָאט זִיךְ מְיַשֵׁב גִיוֶוען לָאז זַיין וָואס עֶס ווִיל זִיךְ , אַ בִּיסֶעל מַשְׁקֶה אִיז גִישְׁטַאנֶען אויף דֶעם טִישׁ עֶר הָאט דֶער וַוייל גִינוּמֶען אַ בִּיסֶעל מַשְׁקֶה אוּנ הָאט גִינוּמֶען אַ בִּילְקֶע אוּנ הָאט גִיגֶעסֶען , דֶער נָאךְ הָאט עֶר גִיוַוארְט בִּיז זֵייגֶער צְוֶועלִיף אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ גְלֵייגְט שְׁלָאפִין ·

ווִיא עֶס אִיז טָאג גִיוָוארֶען הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד אוֹיף גִיחַאפְּט עֶס אִיז אִים אַגְרוֹיס ווִינְדֶער וָואס עֶר זֶעט קֵיין שׁוּם מֶענְטְשׁ נִיט · אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ גִילָאזְט גֵיין אִיבֶּער דִיא חֲדָרִים עֶר זֶעט קֵיין שׁוּם מֶענְטְשׁ נִיט ווִיא עֶר אִיז גְקוּמֶען אִין דֶעם לֶעצְטֶען חֵדֶר אַזוֹ הָאט עֶר גִיזֶעהֶען אַז דֶער חֵדֶר אִיז פַאר שְׁלָאסֶען , הָאט עֶר אַ קְלַאפּ גִיגֶעבֶּען אִין דֶער טִיר , אִיז אַרָאפּ גִיגַאנְגֶען אַיין נְקֵבָה זֵייעֶר אַ שֵׁיינֶע אוּנ הָאט אִים בַּאלְד גִיעֶפִינְט מִיט גְרוֹיס שְׁרֶעק , זִיא טוּט אַ קִיק זֵייעֶר אַפֵּיינֶער מֶענְטְשׁ אַ יוּנְגֶער מֶענְטְשׁ , אַזוֹ הָאט

זיא

זִיא אִים גִיפְרֶעגְט וְויא אַרוּם עֶר קוּמְט אַהִין ·

אַזוֹ הָאט עֶר אִיר דֶער צֵיילְט · וְויא אַזוֹ עֶס הָאט זִיךְ מִיט אִים גִיפַּאסִירְט אוּנ וְויא אַזוֹ עֶס אִיז אִים אַצוּנְד אוֹיךְ זֵייעֶר שְׁלֶעכְט ·

זִיא עֶנְטְפֶּערְט אִים מַיין לִיבֶּער פְרַיינְד זָאלְסְט דִיךְ גָאר נִיט פָארְכְטֶען פַּאר קֵיינֶעם · אִיךְ וֶועל דִיר דֶער צֵיילֶען מַיין פָאטֶער אִיז גִיוֶועזֶן אַ גְרוֹסֶער גְבִיר אוּנ הָאט מֶער קַיין קִינְדֶער נִיט גִיהַאט וְויא מִיךְ אַלֵיין · אוּנ עֶר הָאט גִיהַאט גְרוֹיסֶע גִיוֶועלְבֶּער מִיט סְחוֹרָה ·

אוּנ דָא אוֹיף דֶעם בַּארְג הָאט גִיוואוֹנְט אַיין כִּישׁוּף מַאכֶערִין וְואס זִיא הָאט קַיין קִינְדֶער נִיט גִיהַאט · אַיין מָאל אִיז זִיא גִיקוּמֶען צוּא אוּנְז אִין שְׁטָאט אַרַיין אוּנ אִיז גְקוּמֶען צוּ אוּנְז אִין גִיוֶועלְבּ אַרַיין נָאךְ סְחוֹרָה · וְויא זִיא הָאט מִיךְ דֶער זֶעהֶען · אַזוֹ הָאט זִיא מִיר אָפּ גִיטָאן מִיט כִּישׁוּף אַז אִיךְ הָאבּ לִיבְּט גִיהַאט צוּא פָארֶען מִיט אִיר אַבִּיסֶעל · בִּיז זִיא הָאט מִיךְ פַאר פִירְט אַהֶער אוּנ מִיט אִיר כִּישׁוּף הָאט זִיא בַּאשְׁווארִין אַז אִיךְ זָאל פוּן דַאנֶען נִיט קָאנֶען אַרוֹיס אִיךְ בִּין שׁוֹין דָא אִין דֶעם פַּאלִיץ אַיין עֵרֶךְ פוּן צֶעהֶן יָאר · הַיינְט אִיז שׁוֹין אַ יָאר אַז זִיא אִיז גִישְׁטָארְבֶּען אִיךְ הָאבּ זִיא מְקַבֵּר גִיוֶועזֶן אוּנְטֶער דֶעם בַּארְג ·

אַזוֹ פוּן דֶער צַייט אָן זִיץ אִיךְ אֵיינֶע אַלֵיין דָא אִין דֶעם פַּאלִיץ אַלֶע טָאג גֵייא אִיךְ מִיר אַרוֹיס פוּן דֶעם פַּאלִיץ · אָבֶּער וְויא אִיךְ וְויל וַוייטֶער גֵיין פוּן דֶעם פַּאלִיץ וֶוערְט מִיר

פִינְצְטֶער אוּנ דִיא אוֹתֶען אוּנ דִיא פִים הַייבֶּען מִיר אָן וַוייא צוּא טָאן אַז אִיךְ קָאן זִיךְ נִיט רִירֶען מַה אִיךְ זִיךְ בַּאלְד אוּם קֶערֶען צוּא דִיק ·

דֶער נָאךְ וִויא זִיא הָאט אָפּ גִירֶעט אַזוֹ הָאט זִיא בַּאלְד גִינוּמֶען אוּנ הָאט אִים אָפּ גִיקָאכְט עֶסִין, אוּנ שְׁמוּאֵל הָאט זִיךְ גִישְׁטֶעלְט דַאוִוינֶען, נָאךְ דֶעם דַאוִוינֶען הָאט עֶר זִיךְ גִיזֶעצְט מִיט אִיר עֶסִין, זַייא הָאבֶּען גִיגֶעסֶען מִיט גְרוֹיס פַּאר גִינִיגֶען נָאךְ דֶעם עֶסִין הָאט זִיא אִים גִינוּמֶען אוּנ אִיז מִיט אִים אַרוּם גִיגַאנְגֶען אוּנ אַלֶע חֲדָרִים אוּנ הָאט אִים גִיוִויזֶען זֵייעֶר פִיל גָאלְד אוּנ זִילְבֶּער אוּנ בַּארְלַאנְטִין אוּנ דִימֶענְטֶען, וָואס עֶס אִיז אַיין פַּחַד צוּא קוּקֶען· אוּנ אוֹיךְ זֵייעֶר פִיל מַלְבּוּשִׁים טַייעֶרִי, זַייא זַאגֶען אַזוֹ אוּם גִיגַאנְגֶען אַלֶע חֲדָרִים, עֶס אִיז אִים זֵייעֶר שׁוֹין גִיפֶעלִין·

הַכְּלָל שְׁמוּאֵל אִיז מִיט אִיר גִיזֶעסִין עֶטְלִיכֶע וָואכֶען אוּנ עֶס אִיז אִים זֵייעֶר גוּט גִיוֶועזִין·

דֶער נָאךְ הָאבֶּען זַייא צוּא מַזָל חֲתוּנָה גִיהַאט עֶר הָאט מִיט אִיר אָפּ גִיוואוֹנְט אַיין עֶרֶךְ פוּן אַ יָאר צְוַוייא, זִיא אִיז צוּא מַזָל מְעוּבֶּרֶת גִיוָוארֶען, בִּיז עֶס אִיז אוּים גִיגַאנְגֶען נַיין חֳדָשִׁים הָאט זִיא צוּא מַזָל גִיהַאט אַ זוּן וִויא עֶס אִיז גִיקוּמֶען צְוַוייא טָאג פַאר דֶעם בְּרִית אַזוֹ הָאט עֶר זִיא גִיפְרֶעגְט אוֹיבּ נִיט וַוייט פוּן דַאנֶען אִיז דָא אַשְׁטֶעטִיל עֶר זָאל קָאנֶען בְּרֵיינְגֶען אַיין מוֹהֵל מֶען זָאל קָאנֶען מַל זַיין דָאס קִינְד· זִיא עֶנְטְפֶערְט אִים וִויא אַזוֹ זָאל אִיךְ וִויסֶען, אִיךְ הָאבּ זִיךְ

דִיר

דיר דער ציילט אז ווייטער פון דעם בארג האב איך קיין רשות ניט צו גיין ·

וויא ער האט דאס דער הערט האט ער זייער אן גיהויבען צוא וויינען וואס קאן ער דא טאן ער וועט חלילה ניט מל זיין דאס קינד · אזו איז אים זייער שלעכט גוואורין ·

אזו האט ער זיך אן גירופען צום ווייב איך וועל זיך לאזען גיין אראפ פון דעם בארג טאמער וועט מיר השי"י העלפען איך וועל פארט גיפונען איין מקום ישוב איך זאל קאנען ברייגען איין מוהל מען זאל מל זיין דאס קינד ·

אזו האט ער זיך גילאזט גיין אראפ פון דעם בארג אונ אונ איז אזו גיגאנגען א גאנצען טאג מיט א גאנצע נאכט אבער ער זעט ניט קיין שום מענטש , אונ זעט ניט קיין שום מקום ישוב ·

וויא עס איז גיקומען אייף מארגען פריא אונ עס דארף שוין זיין דער ברית האט ער זיך זייער מצער גיוועזן , אונ האט אן גיהויבען זייער שטארק צוא וויינען פאר השי"י ·

וויא ער וויינט , אזו טוט ער א קוק עס גייט איין אלטער מאן זייער א שיינער מיט א גרייז גראה בארד , אונ טראגט א פעקעל אויף דיא פלייצים , ער איז גיווארען מלא שמחה , ער לויפט צוא צום אלטען אונ האפט אים ארום אונ זאגט אים איך וועל אייך ניט אפ לאזען איך בעט אייך זייער בייא מיר איז היינט איין ברית אונ איך האב ניט וער עס זאל מיר מל זיין מיין קינד ·

דער

דָער אַלְטֶער הָאט נִיט גִיוָואלְט שְׁמוּאֵל הָאט אָן גְהֵייבֶּען זַייעָר שְׁטַארְק צוּא וֵויינֶען פַאר דֶעם אַלְטֶען ·

הַכְּלָל דֶער אַלְטָער הָאט אִים צוּא לִיב גִיטָאן אוּנ אִיז נִיגַאנְגֶען מִיט אִים אַ הֵיים · וִויא עֶר אִיז גִיקוּמֶען אַ הֵיים מִיט דֶעם אַלְטֶען הָאט זִיךְ דָאס וַוייבּ מִיט שְׁמוּאֵלְ'ן זֵייעָר גִיפְרֵייט וָואס הַשֵׁי"ת הָאט זֵייא גִיהָאלְפֶען אַז זֵייא הָאבִּין אַיין מוֹהֵל ·

מֶען הָאט בַּאלְד גִינוּמֶען דָאס קִינְד · אוּנ דֶער אַלְטֶער הָאט מַל גִיוֶועןְ דָאס קִינְד · אִינ דָאס קִינְד הָט מֶען אַ נָאמֶען גִיגֶעבֶּען אֶפְרַיִם נָאךְ זַיין פָאטֶער ·

נָאךְ דֶעם הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גִיזֶעצְט עֶסִין · מִיט גְרוֹיס פַאר גִינִיגֶען ·

דָער נָאךְ הָאט דֶער אַלְטֶער גִיוָואלְט אַוֶועק גֵיין הָאבֶּען זֵייא אִים גִיבֶּעטֶען עֶר זָאל נָאךְ זַיין מִיט זֵייא הָאט עֶר נִיט גִוָואלְט זֵייא הָאבֶּען אִים אַרַיין גִיפִירְט אִין אַיין חֶדֶר וָואס דָארְט אִיז גִיוֶועזֶען פִיל בַּארְלַיאנְטִין אוּנ דִימֶעטִין אוּנ הָאבֶּען אִים גִיבֶּעטֶען עֶר זָאל זִיךְ נֶעמֶען וִויא פִיל עֶר ווִיל · אָבֶּער דָער אַלְטֶער הָאט נִיט גִיוָואלְט בַּייא זֵייא נֶעמֶען ·

דָער אַלְטָער הָאט זִיךְ גִיזֶעגִינְט מִיט זֵייא · בַּייא דֶעם גִיזֶעגְנֶען פְרֶעגְט עֶר זֵייא קִינְדֶער וָואס פַאר אַ בְּרָכָה ווִילְט אִיר אִיךְ זָאל אַייךְ בֶּענְטְשֶׁען ·

אַזוֹ הָאבֶּען זֵייא זֵייעָר אָן גִיהֵייבֶּען צוּא וֵויינֶען וָואס

קוּמְט

קוּמְט אִינְז אַרוֹיס פוּן אוּנְזֶר עֲשִׁירוֹת, אַז מִיר זַאגֶען פַאר וָוארְפֶען פוּן מֶענְטְשֶׁען אוּנ מִיר קָאנֶען קַיין צְדָקָה נִיט טָאן, אוּנ שְׁמוּאֵל'ס וַוייבּ הָאט דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה פוּן דֶער מְכַשֵּׁפָה אוּנ וִויא אַזוֹ זִיא קָאן פוּן דֶעם בַּארְג נִיט אַוֶועק וַוייל זִיא וֶועט לֶעבֶּען.

אַזוֹ הָאט דֶער אַלְטֶער זַייא גִיזָאגְט אַז פִיר וָואכֶען דָאס קִינְד וֶועט אַלְט וֶוערֶען זָאלֶען זַייא נֶעמֶען דָאס גַאנְצֵי גוּטְ'ץ אוּנ זָאלֶען גֵיין גְלַייךְ פוּן דֶעם בַּארְג, בִּיז הַשֵּׁ"י וֶועט זַייא בְּרֵיינְגֶען צוּא אַיין מָקוֹם יִשּׁוּב, אִיר הָאט עֶר גִיגִיבֶּען אַ שְׁמִירָה, אוּנ אִים הָאט עֶר מוֹסֵר גִיוֶועזֶען כַּוָונוֹת וִיחוּדִים וֶועלְכֶע עֶר זָאל מְכַוֵּן זַיין בִּיז הַשֵּׁי"ת וֶועט זַייא הֶעלְפֶען זַייא וֶועלֶען אַרָאפּ גֵיין פוּן דֶעם בַּארְג אוּנ הָאט זַייא אָן גִיזָאגְט אַז זַייא זָאלֶען זִיךְ גָאר נִיט שְׁרֶעקֶען פַאר קַיין שׁוּם זַאךְ. וָואס זַייא וֶועלֶען זֶעהֶען זָאל זַייא גָאר נִיט הַארֶען, אוּנ אִיר הָאט עֶר אָן גִיזָאגְט לְמַע"ה זִיא זָאל אָפּ הִיטֶען דִיא שְׁמִירָה.

דֶער נָאךְ הָאט זִיךְ דֶער אַלְטֶער גִיזֶעגִינְט מִיט זַייא אוּנ אִיז אַוֶועק גִיגַאנְגֶען זַיין וֶועג.

שְׁמוּאֵל מִיט דֶעם וַוייבּ הָאבֶּען גִידַאנְקְט אוּנ גִילוֹיבְּט הַשֵּׁי"ת וָואס הַשֵּׁי"ת הָאט זַייא צוּ גִישִׁיקְט דֶעם אַלְטֶען, אוּנ הָאבֶען זִיךְ זֵייעֶר גִיפְרֵייט מִיט דֶעם קִינְד.

וִויא דָאס קִינְד אִיז אַלְט גִיוָוארֶען פִיר וָואכֶען, אַזוֹ הָאבֶּען זַייא גִינוּמֶען דָאס גַאנְצֶע עֲשִׁירוֹת דָאס גָאלְד אוּנ

זִילבּער

זִילְבֶּער אוּנ דִיא בַּארְלִיאַנְטְען מִיט דִיא רִימִיטְען אִינ הָאבֶּען דָאס אַלֶעס אָן גִיפַּאקְט אוּנ הָאבֶּען גִינוּמֶען דָאס קִינְד אוֹיף דִיא הֶענְט אוּנ הָאבֶּען אָן גִיהֵייבֶּען גֵיין אַרוֹיס פוּן דֶעם הוֹיף .

שְׁמוּאֵל הָאט בַּאלְד אָן גִיהֵייבֶּען מְכַוֵין זַיין דִי כַּוָונוֹת מִיט דִיא יִחוּדִים וָואס דֶער אַלְטֶער הָאט אִים מוֹסֵר גִיוֶוען , אוּנ זֵייא זַאנֶען אַזוֹ גִינַאנְגֶען גְלַייך , אָבֶער וִויא זֵייא זַאנֶען גִיקוּמֶען צוּם עֶק פוּן דֶעם בַּארְג אוּנ הָאבֶּען גָאר גִיוָואלְט אַרָאפּ גֵיין אַזוֹ אִיז גִיוָוארֶען אַ גִישְׁרֵייא אוּנ מֶען הָאט אָן גִיהֵייבֶּען צוּ פַייפֶען , אוּנ עֶס הָאט אָן גִיהֵייבֶּען צוּא פְלִיעֶן שְׁטֵיינֶער פוּן דֶעם בַּארְג אַזוֹ , עֶס אִיז גִיוֶוען אַ פַּחַד צוּא הָארְכֶען .

שְׁמוּאֵל מִיט דֶעם וַוייבּ זַאנֶען גִינַאנְגֶען גְלַייך זֵייא הָאבֶּען זִיך גִימַאכְט גִיט וִישִׁינְדִיג בִּיז הַשֵּׁי״ת הָאט זֵייא גִיהָאלְפֶען זֵייא זַאנֶען אַרָאפּ גִינַאנְגֶען פוּן דֶעם בַּארְג . דֶער נָאך הָאבֶּען זֵייא גִיהָארְכְט עֶס אִיז שׁוֹין שְׁטִיל גִיוָוארֶען דִיא אַלֶע קוֹלוֹת .

זֵייא זַאנֶען תֵּיכֶף אַרוֹיס גִינַאנְגֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד הָאבִּין זֵייא זִיך גִיזֶעצְט אַ בִּיסֶעל אָפּ רוּאֶען זֵייא הָאבֶּען גִיגֶעבֶּען אַ שֶׁבַח צוּא הַשֵּׁי״ת וָואס הַשֵּׁי״ת הָאט זֵייא גִיהָאלְפֶען אַזוֹי פִיל צָרוֹת אִיבֶּער צוּא קוּמֶען מִיט אַזוֹ פִיל שְׁרֶעק וִויא זֵייא הָאבְּען גִיהַאט .

דֶער נָאך זַאנֶען זֵייא גִינַאנְגֶען אוֹיף דֶעם פֶעלְד מִיט

אַ שְׁטֶעשְׁקֶע , זַייא זאָנֶען אַזוֹ גִיגַאנְגֶען אוֹיף דֶער שְׁטֶעשְׁקֶע אַיין עֶרֶךְ פוּן אַ טָאג דְרַייא בִּיז הַשִׁי״ת הָאט זַייא גִיהָאלְפִין זַייא זַאנֶען גִיקוּמֶען צוּא אַיין מָקוֹם יִשׁוּב .

וִויא זַייא זַאנֶען גִיקוּמֶען אִין אַיין שְׁטָאט אַרַיין הָאבִין זַייא תֵּיכֶף גִידִינְגֶען אַ דִירָה אוּנ הָאבֶען זִיךְ דָארְט בַּאזֶעצְט , זַייא הָאבֶען בַּאלְד גִימַאכְט אַ גְרוֹסִי סְעוּדָה פַאר אָרוֹמִי לַייט אוּנ הָאבֶען אוֹיךְ זַייעֶר פִיל צְדָקָה גִיגִיבֶען .

זַייא הָאבֶען גִידִינְגֶען גְרוֹסֶע גִיוֶועלְבֶּער אוּנ אוֹיךְ גִימַאכְט גְרוֹסֶע גִישֶׁעפְטֶען אוּנ דִיא גִישֶׁעפְטֶען זַאנֶען גִיגַאנְגֶען מִיט גְרוֹיס הַצְלָחָה .

דֶער נָאךְ וִויא זַייא זַאנֶען שׁוֹין דָארְט גִיוָוארֶען זַייעֶר גְרוֹיס , אַזוֹ הָאט זִיךְ שְׁמוּאֵל אָן גִיהֵייבֶּען צוּא בַּאדֵיינְקֶען אִין זַיין בְּרוּדֶער חַיִּים , עֶר הָאט אָן גִיהֵייבֶּען שְׁרַייבֶּען בְּרִיף קַיין בַּאגְדַאד צוּם רָב אוּנ צוּא דִיא פַּרְנָס חֲדָשִׁים , טָאמֶער ווייסֶען זַייא פוּן זַיין מוּטֶער אָדֶער פוּן זַיין בְּרוּדֶער חַיִּים עֶר וֶועט אִים גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען אוּנ וֶועט זַייא אוֹיךְ זַייעֶר פִיל מַתָּנוֹת גִיבֶּען , אָבֶּער וָואס הָעלְפְט דָאס , עֶס אִיז אֵין קוֹל וְאֵין עוֹנֶה .

דִיא שְׁטָאט לַייט פוּן בַּאגְדַאד הָאבֶען אִים אָפּ גִישְׁרִיבִּין אַז שׁוֹין פוּנְעֶטְלִיכִי יָאר אַז עֶר אִיז אַוֶועק פוּן בַּאגְדַאד מִיט דֶער מוּטֶער , אוּנ זַייא וַוייסֶען נִיט וִויא זַייא זַאנֶען .

וִויא שְׁמוּאֵל הָאט גִיזֶעהֶען דִיא בְּרִיף , אַזוֹ הָאט עֶר

זִיךְ

זיך זייער גיט אויס גיוויינט, אונ האט שוין מיין ניט גשיקט
קיין בריף,

אצונד וועלען מיר א ביסער שמועסן וויא אזוי
עס האט זיך גיפאסירט מיט דעם ברודער חיים
אונ מיט דער מוטער. וויא מיר האבען אובען
גישמועסט אז חיים מיט דער מוטער זאנען אום
גיגאנגען אונ דיא הייזער אונ חיים האט
חתונה גיהאט, מיט א ווייב וואס זיא איז
אויך אום גיגאנגען דארט אין דיא הייזער.

עס האט קיין סך ניט גידירט אין א קורצע צייט איז
דוא מוטער מיט דעם ווייב גישטארבען אונ חיים איז
גיבליבען איינער אליין, האט ער זיך באקלערט אז ער
האט גידארפט מפרנס זיין דיא מוטער האט ער גימוזט גיין
אין דיא הייזיר אבער היינט אז ער איז איין מענטש אליין נאך
וואס טויג אים אזוי א פרנסה;

אזוי האט ער זיך גישטעלט פאר איין משרת ביא איין
גרויסן סוחר. איין איידיל קינד איז ער דאך גיוועזן אונ דער
צוא האט אים נאך השי"ת גיהאלפען ער האט נושא חן
גיוועזן ביא זיין בעל הבית אונ ער איז גיוועזן ביא זיין
בעל הבית מיט גרויס כבוד.

הכלל ער איז אפ גיוועזן ביא דעם בעל הבית עטליכע
יאר ביז השי"ת האט אים גיהאלפען ער האט זיך צו נויף
גיזאמילט שיינע עטליכע רו"כ, אונ מען האט אים אן
גיהייבען

גיהייבען צו רעדען זייער שיינע שידוכים ער האט אבער ניט גיוואלט טאן קיין שום שידוך ער האט בייא זיך אפ גיקלערט אז ער זאל ניט חתונה האבען, ביז השי״ת וועט אים העלפען ער וועט אפ זוכען זיין ברודער.

אזו איז ער גיגאנגען צו גרויסע סוחרים וואס פארען אויף דעם ים אונ האט זיך גידינגען מיט זייא איין שיף זייא זאלען פארען אויף דעם ים, זייא זאנען גיפארען נאך סחורה אונ ער איז גיפארען זוכען זיין ברודער שמואל.

זייא זאנען אזוי גיפארען עטליכע טעג מיט עטליכע נעכט, זייא האבען אויף דעם ים גיזעהען זייער גרויסע אונ שרעקליכע פיש אונ אויך אלערלייא בשעפינים וועלכע עס איז גיוועזען איין פחד צוא זעהען.

אויף א מאל זענען זייא צו גיקומען צוא אקליין אינזעל וואס ווייזט אוים זייער שיין, דער קאפיטאן זאגט ווער עס האט לוסט אויף דעם אינזעל ארוים צוא גיין זאל ער גיין.

זייא זאנען אלע ארוים גיגאנגען אויף דעם אינזעל מיט גרוים פגאד, א טייל מענטשען האבען גיגעסען אונ גיטרונקען.

א טייל מענטשען פון זייא האבען זיך אזו אפ גרואט אונ מיטען דרונען הייבט אן דאס אינזעל צו ציטערען אונ עס ווארפט זייא אלע אראפ אין וואסער אריין, א טייל פון זייא זאנען צוא גישווימען צוא דער גרויסער שיף אונ א טייל זאנען דער טרייגקען גיווארען.

אונ חַיִים הָאט אָן גִיהֵייבֶּען, צוא שְׁווִימֶען אָבֶּער צוא דֶער גְרוֹיבֶער שִׁיף הָאט עֶר שׁוֹין נִיט גִיקָאנְט גְרֵייכֶען אַזוֹ הָאט אִים דֶער שִׁיפְס קַאפִּיטַאן אָפּ גִיבּוּנְדֶען אַ קְלֵיין שִׁיפֶּעל, אונ חַיִים הָאט גִישְׁווִימֶען מִיט אַלֶע כּוֹחוֹת בִּיז הַשֵׁי״ת הָאט אִים גִיהָאלְפֶען עֶר אִיז צוא גִישְׁווִימֶען צוּם קְלֵיינֶעם שִׁיפֶּעל וִויא עֶר אִיז גִיקוּמֶען צוּם קְלֵיינֶעם שִׁיפֶּעל, אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ אַנִידֶער גִיזֶעצְט אִין דֶעם קְלֵיינֶעם שִׁיפֶּעל, אונ אִין דֶער מִיט אַוֶועק גִישְׁווִימֶען גַאנְץ וַוייט עֶר אִיז אַזוֹ גִישְׁווִימֶען עֶטְלִיכֶע טֶעג מִיט עֶטְלִיכֶע נֶעכְט אונ עֶר הָאט נִיט גִיהַאט וָואס צוּ עֶסִין אַזוֹי אִיז עֶר גִיבְּלִיבֶּען לִיגֶען אָן כּוֹחוֹת אונ הָאט זַייעֶר אָן גִיהוֹיבֶּען צוא וֵויינֶען, בִּיז הַשֵׁי״ת הָאט אוֹיף אִים רַחֲמָנוּת גִיהַאט עֶס אִיז גִיוָוארֶען אַ שְׁטוּרֶעם וִוינְט אונ דֶער ווִינְט הָאט פַאר טְרָאגֶען דִיא שִׁיף צוּא אַיין בְּרֶעג.

וִויא עֶר אִיז גִיקוּמֶען צוּם בְּרֶעג, אַזוֹ אִיז עֶר תֵּיכֶף אַרוֹיס גִינַאנְגֶען פוּן דֶעם שִׁיפֶּעל, אַזוֹ הָאט עֶר דֶער זֶעהֶן אַ שְׁטֶעשְׁקִי אִיז עֶר גִינַאנְגֶען גְלַייךְ מִיט דֶער שְׁטֶעשְׁקֶע, עֶר אִיז אַזוֹ גִינַאנְגֶען אַ גַאנְצֶען טָאג. אָבֶּער וִויא עֶס אִיז נַאכְט גִיוָוארֶען הָאט עֶר תֵּיכֶף דֶער זֶעהֶען אַיין מָקוֹם יִשׁוּב, אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ מְחַיֶה גִיוֶועזְן.

עֶר אִיז תֵּיכֶף אַרַיין גִינַאנְגֶען אִין שְׁטָאט אַרַיין אונ אִיז אַרַיין גִינַאנְגֶען צוּא אַיין בַּעַל אַכְסַנְיָא אונ הָאט גִיגֶעסֶען אונ הָאט זִיךְ גִילֵייגְט אָפּ רוּאֶען.

אוֹיף מָארְגֶען פְרִיא הָאט עֶר זִיךְ בַּאקְלֶערְט עֶר וֶועט שׁוֹין

שוין בְּלַייבְּן אִין דֶער שְׁטָאט , עֶר וֶועט שוין נִיט פָּארְעֶן זוכֶען. זַיין בְּרודֶער שְׁמוּאֵל . עֶר הָאט זִיךְ גִיט אוּיס גְוַייגְט , עֶר הָאט זִיךְ שוין גִיזֶעהֶען דִיא יְסוּרִים וָואס עֶר הָאט גְהַאט .

אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ גִישְׁטֶעלְט בַּייא אַיין סוֹחֵר אִין אַ גִיוֶועלְבּ , דֶער סוֹחֵר הָאט גִיזֶעהִין אַז עֶר אִיז זַייעֶר גִינִיט אִין גִישֶׁעפְט , אַזוֹ הָאט עֶר בַּייא דֶעם סוֹחֵר נוֹשֵׂא חֵן גְוֶוען , עֶר פְּלֶעג שְׁטֶענְדִיג פָארֶען מִיט דֶעם בַּעַל הַבַּיִת אוּיף דִיא גְרֶעסְטִי יְרִידִים .

וַיְהִי הַיּוֹם הָאט זִיךְ גִיטְרָאפֶען אַז חַיִּים אִיז אַרַיין גִיגַאנְגֶען צוּא דֶעם בּוּכְהַאלְטֶער פוּן זַייעֶר גִיוֶועלְבּ אוּנ הָאט אַקוּק גִיטָאן אִין בּוּךְ זֶעט עֶר עֶס שְׁטֵייט עֶפִּיס אַ קָאנְטֶע אַז זַיין בַּעַל הַבַּיִת אִיז שׁוּלְדִיג גֶעלְט רְ׳ שְׁמוּאֵל בַּר׳ אֶפְרַיִם , אַזוֹ אִיז עֶר גִיבְּלִיבֶּען שְׁטֵיין עֶר פְרֶעגְט דֶעם בּוּכְהַאלְטֶער וֶוער אִיז דֶער ר׳ שְׁמוּאֵל , דֶער בּוּכְהַאלְטֶער הָאט אִים גִיעֶנְטְפֶערְט נִיט וַוייט פוּן דַאנֶען אִין יֶענֶער שְׁטָאט וואוֹנְט אַ גְרוֹסֶער גְבִיר ר׳ שְׁמוּאֵל וֶועלְכֶער אוּנְזֶער בַּעַל הַבַּיִת הַאנְדִילְט בֶּעשְׁטֶענְדִיג מִיט אִים .

עֶר פְרֶעגְט דֶעם בּוּכְהַאלְטֶער צוּא עֶר אִיז שוין אַיין אַלְטֶער מֶענְטְשׁ , דֶער בּוּכְהַאלְטֶער עֶנְטְפֶערְט אִים עֶר אִיז אַיין יוּנְגֶער מֶענְטְשׁ פוּן אַ יָאר פִיר אוּנ צְוָואנְצִיג , אוּנ עֶר אִיז נִיט לַאנְג גִיקוּמֶען אִין יֶענִיר שְׁטָאט אַרַיין .

וִויא ר׳ חַיִּים הָאט דָאס דֶער הֶערְט אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ גִימַאכְט נִיט וִויסִינְדִיג וִויא עֶס אִיז גִיקוּמֶען דֶער זְמַן פְרֶעגְן

וָואס מֶען הָאט גִידַארְפְט אָפּ שִׁיקְעןְ דָאס גֶעלְט לְר' שְׁמוּאֵל אוּנ מֶען הָאט גִידַארְפְט קוֹפִּין סְחוֹרָה אַזוֹ אִיז חַיִים אַרַיין גִיגַאנְגֶען צוּם בַּעַל הַבַּיִת אוּנ הָאט אִים גִיבֶּעטֶען עֶר זָאל אִים עֶרְלוֹבִּין צוּ פָארִין צוּ ר' שְׁמוּאֵלִ'ן נָאךְ סְחוֹרָה.

דֶעם בַּעַל הַבַּיִת אִיז דִיא זַאךְ זֵייעֶר שֵׁיין גִיפֶעלִין, מֶען הָאט בַּאלְד אַיין גִישְׁפַּאנְט צְוֵויא פֶערְד אִין אַ שֵׁיינֶע קַארִיטֶע אוּנ חַיִים הָאט זִיךְ גִיזֶעגִינְט מִיט זַיין בַּעַל הַבַּיִת אוּנ אִיז גִיפָארִין גְלַייךְ צוּ ר' שְׁמוּאֵלֶ'ן ווִיא עֶר אִיז גִיקוּמֶען צוּ ר' שְׁמוּאֵלִין. אוּנ דֶעם טָאג אִיז גִיוָועןְ אַ בְּרִית בַּייא ר' שְׁמוּאֵלִין אוּנ מֶען הָאט גִימַאכְט אַ גְרוֹסִי סְעוּדָה, אוּנ מֶען הָאט גִיטְרוּנְקֶען וַויין זֵייעֶר פִיל.

ווִיא חַיִים אִיז גִיקוּמֶען הָאט מֶען אִים נִיט צוּ גִילָאזְט צוּא ר' שְׁמוּאֵלִין וָוארוּם ר' שְׁמוּאֵל הָאט אַזוֹ אָן גִיזָאגְט אַז אִין דֶעם טָאג זָאל מֶען נִיט צוּא לָאזִין קֵיין שׁוּם מֶענְטְשׁ וָואס עֶר הָאט נִיט צוּא אִים קֵיין גִישֶׁעפְט.

אָבֶּער חַיִים הָאט נִיט גִיהָארְכְט אוּנ אִיז גְלַייךְ אַרַיין גִיגַאנְגֶען צוּא ר' שְׁמוּאֵלִ'ן, ווִיא ר' שְׁמוּאֵל הָאט אִים דֶער זֶעהֶען אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ גִיבֵּייזִירְט אוּיף דִיא מְשָׁרְתִים פַאר וָואס מֶען הָאט אִים אַרַיין גִילָאזְט, וָוארוּם עֶר הָאט נִיט דֶער קָאנְט זַיין בְּרוּדֶער חַיִים, אָבֶּער חַיִים הָאט אִים בַּאלְד דֶער קָאנְט.

אַזוֹ הָאט חַיִים אַגִישְׁרַייא גִיטָאן שְׁמוּאֵל בְּרוּדֶער וָואס מַאכְסְטוּ אוּנ אִיז אִים גִיפַאלֶען אוּפֶען הַאלְז אוּנ הָאט אִים

אן

אָן גִיהֵייבֶען צִיא קְוּשְׁעָן וְויא ר׳ שְׁמוּאֵל הָאט דָאס דֶער וֶועהִין הָאט עֶר אִים אוֹיךְ דֶער קַאנְט אַז עֶר אִיז זַיין בְּרוּדֶער חַיִים אַזוֹי הָאט עֶר אִים אוֹיךְ גִיקִישְׁט אִין דִיא שִׂמְחָה אִיז גִיוָוארֶען נָאךְ פִיל גְרֶעסֶער וִויא פְרִיעֶר ׃

אוּנ וִויא הָאבֶּען זִיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען דֶער צֵיילְט וִויא אַזוֹ עֶס הָאט זִיךְ מִיט-אִים גִיפַּאסִירְט , אוּנ הָאבֶּען גִיגִיבֶען אַ שֶׁבַח צוּא השי״ת וָואס עֶר הָאט וִויא אַזוֹ פִיל גִיהָאלְפֶען השי״ת זָאל אוּנְז אוֹיךְ הֶעלְפֶען אוּנ זָאל מִיט אוּנְז אוֹיךְ טָאן נִסִים וְנִפְלָאוֹת אָמֵן כֵּן יְהִי רָצוֹן ׃

## ע נ ד ע

---



# איין שיינע מעשה

## פון רבי אליהו דאנצקער

דיא מעשה איז ארויס גינומען גיווארען פון איין פינקס, פון דער מעשה קאן מען זיך אראפ נעמין א מוסר וויא אזוי א מענטש דארף זיך אפ היטען ער זאל חלילה ניט אפ לאזין קיין שידוך :

---

הובא לביה"ד ע"י ר' ישראל בראדעצקא · מ"ס
מב"ד על עיר ישן בנומער 272

# בזיטאמיר

בשנת תרלז לפ"ק

---

Ашеіне Маісе

ЖИТОМИРЪ

печатано въ тип. И. Бакста

1876

אִין יָאר תרי״ח הָאט זִיךְ אַזוֹ גִיטְרָאפֶען אַ מַעֲשֶׂה נִיט וַוייט פון לובְּלִין הָאט גִיוואוֹינְט אַ מֶענְטְשׁ וֶועלְכֶער מֶען הָאט אִים גִירוּפֶען ר׳ חַיִים מָרְדְכַי עֶר אִיז גִיוֶועזֶען זֵייעֶר אַלַמְדָן אוּנ אַיין חָכָם אוּנ אַיין פְרוּמֶער מַאן, אוּנ זַיין וַוייבּ אִיז אוֹיךְ גִיוֶועזֶען זֵייעֶר אַצַדְקָנִיוֹת אוּנ עֶר הָאט מֶער נִיט גִיהַאט וִויא אַ בֶּן יָחִיד זֵייעֶר אַוואוֹל קִינְד, עֶר הָאט גִיקָאנְט זֵייעֶר וואוֹל לֶערְנֶען אוּנ שְׁרַייבֶּען אוּנ אִיז גִיוֶועזֶען זֵייעֶר פְּרוּם. הַכְּלָל דָאס קִינְד אִיז גִיוֶועזֶען אַ מוּשְׁלָם בְּכָל הַמַעֲלוֹת.

וַיְהִי הַיוֹם, הָאט זִיךְ גִיטְרָאפֶען אַז ר׳ חַיִים מָרְדְכַי אִיז גִיפָארֶען קַיין לוּבְּלִין אוֹיף שַׁבָּת, וִויא עֶר אִיז גִיקוּמֶען קַיין לוּבְּלִין אוֹיף שַׁבָּת אַזוֹי הָאט מֶען אִים גִיבֶּעטֶען עֶר זָאל דָאוִוינֶען אִין שִׁיל פַאר דֶעם עָמוּד.

ר׳ חַיִים מָרְדְכַי הָאט מְקַבֵּל שַׁבָּת גִיוֶועזֶען זֵייעֶר שֵׁיין. אוּנ דֶער עוֹלָם אִיז זֵייעֶר צוּ פְרִידֶען גִיוֶועזֶען פוּן זַיין דָאוִוינֶען (אַחַר הַתְּפִלָּה) נָאךְ דֶעם דָאוִוינֶען הָאט אִים דֶער גַבַּאי גִירוּפֶען צוּ זִיךְ אוֹיף שַׁבָּת, אוּנ דֶער גַבַּאי אִיז זֵייעֶר אַיין עוֹשֶׁר אוּנ אַיין פַיינֶער מֶענְטְשׁ.

ר׳ חַיִים מָרְדְכַי הָאט אִים צוּא לִיבּ גִיטָאן אוּנ אִיז גִיגַאנְגֶען צוּ אִים אוֹיף שַׁבָּת.

וִויא זֵייא זֶענֶען אַזוֹ גִיזֶעסֶען בַּייא דֶעם טִישׁ אוּנ הָאבֶּען גִיגֶעסֶען, אַזוֹי רוּפְט זִיךְ אָן דֶער גַבַּאי, זָאגְט מִיר נָאר

ר׳

ר' חַיִים מָרְדְכַי אִיר הָאט עֶפִּים קִינְדֶער, ר' חַיִים מָרְדְכַי עֶנְטְפֶערְט אִים (בשפה רפה) אִיךְ הָאבּ מֶער נִיט וִויא אֵיין קִינְד זֵייעֶר אַ וואֹל קִינְד עֶר אִיז אַ מוּשְׁלָם בְּכָל הַמַעֲלוֹת

אַזוֹ רוּפְט זִיךְ אָן דֶער גַבַּאי, הֶערְט נָאר אוֹיס ר' חַיִים מָרְדְכַי וָואס אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגֶען, אִיר זָאלְט וִויסֶען אַז אִיךְ וִויל זִיךְ מְשַׁדֵךְ זַיין מִיט אַייךְ, אַזוֹ עֶנְפֶּערְט אִים ר' חַיִים מָרְדְכַי גְלֵייבְּט מִיר אַז אִיךְ וָואלְט אוֹיךְ אַ בֶּעלֶן גִיוֶועזֶן נָאר אִיר וֵוייסְט דָאךְ וואֹל אַז אִיךְ בִּין אַ גִימֵיינֶער מַאן, קֵיין נַדְן הָאבּ אִיךְ נִיט צוּ גִיבֶּען אוּנ קֵיין קֶעסְט אוֹיךְ נִיט, עַל כֵּן וִויא אַזוֹ קָאן זַיין אַז מִיר זָאלֶען זִיךְ מְשַׁדֵךְ זַיין, אַזוֹ רוּפְט זִיךְ אָן דֶער גַבַּאי, הֶערְט ר' חַיִים מָרְדְכַי אִיר זָאלְט וִויסֶען אַז אִיךְ וֶועל אַלֵיין גִיבֶּען נַדְן צְוֵוייא טוֹיזֶנְט קֶערְבְּלִיךְ אוּנ קֶעסְט וִויל אִיךְ אי"ה אוֹיךְ גִיבֶּען אַבִּי אִיר זָאלְט זִיךְ מִיט מִיר מְשַׁדֵךְ זַיין.

אַזוֹי הָאט אִים ר' חַיִים מָרְדְכַי צוּא גִיזָאגְט אַז בְּמוֹצָאֵי שַׁבָּת זָאלֶען זֵייא מַאכֶען אַ קְנַס מָאל, אַזוֹ אִיז גִיוֶועזֶן, וִויא עֶס אִיז נָאר גִיקוּמֶען מוֹצָאֵי שַׁבָּת תֵּיכֶף נָאךְ הַבְדָלָה אַזוֹי הָאט דֶער גַבַּאי גִישִׁיקְט נָאךְ דֶעם לוּבְּלִינֶער רָב, אוּנ נָאךְ פִּיל מֶענְטְשֶׁען אוּנ מֶען הָאט תֵּיכֶף גִימַאכְט אַ קְנַס מָאל צוּא מַזָל.

זוּנְטָאג אִין דֶער פְּרִיא הָאט ר' חַיִים מָרְדְכַי זִיךְ גִיזֶעגֶענְט מִיט דֶעם מְחוּתָּן אוּנ מִיט דֶער מְחוּתֶּינֶעסְטֶע אוּנ מִיט דֶער כַּלָה אוּנ הָאט זִיךְ מִיט גִינוּמֶען דִיא תְּנָאִים אוּנ אִיז זִיךְ

גיפארען

גִיפָּארֶען אַ הַיים וִויא עֶר אִיז גִיקוּמֶען צוּא פָּארֶען אַ הַיים אַזוֹ הָאט עֶר גִיוִויזֶען זַיין וַוייבּ דִיא תְּנָאִים אוּנ אוֹיךְ הָאט עֶר דֶער צֵיילְט פַאר זַיין קִינְד אַז עֶר הָאט מִיט אִים אַיין שִׁידוּךְ גִימַאן ׃

דָאס קִינְד הָאט אִים גָאר נִיט גִיעֶנְפֶערְט, דָאס קִינְד הָאט זִיךְ צוּא גִינוּמֶען דִיא תְּנָאִים אוּנ הָאט זַייא עֶרְגִיץ בַּאהַאלְטֶען ׃

וַיְהִי כַּאֲשֶׁר עָבְרוּ הַיָמִים, עֶס אִיז אַזוֹ אַוֶועק גִיגַאנְגֶען אַיין עֶרֶךְ פוּן צְווייא יָאר אִיז ר' חַיִים מָרְדְכַי נִפְטָר גִיוָוארֶען אוּנ זַיין וַוייבּ אִיז אוֹיךְ גִישְׁטָארְבֶּען, דָאס קִינְד אִיז נֶעבִּיךְ גִיבְּלִיבֶּען אַיינֶער אַלַיין, קַיין יְרוּשָׁה הָאבֶּען זַייא אִים אוֹיךְ נִיט גִילָאזְט ׃

אַזוֹ הָאט זִיךְ דָאס קִינְד בַּאקְלֶערְט וָואס טוּט מֶען אַצוּנְד קַיין עֶסִין הָאט עֶר נִיט. אוּנ וִויא צוּא זַיין הָאט עֶר אוֹיךְ נִיט, עַל כֵּן אִיז בַּייא אִים גִיבְּלִיבֶּען אִין דֶער דֵיעָה אַז עֶר זָאל אַרַיין פָארֶען קַיין לוּבְּלִין צוּא זַיין מְחוּתָּן אוּנ עֶר זָאל דָארְט זַיין בִּיז עֶס וָועט קוּמֶען דִיא צַייט פוּן דֶער חֲתוּנָה ׃

וְכֵן עָשָׂה! אוּנ אַזוֹי הָאט עֶר גִיטָאן עֶר אִיז גִיפָארֶען קַיין לוּבְּלִין אוּנ אִיז גִיקוּמֶען גְלַייךְ צוּא זַיין מְחוּתָּן, וִויא דֶער מְחוּתָּן הָאט זִים דֶער זֶעהֶען אִיז עֶר אִים אַ בִּיסֶעל נִיט גִיפֶעלֶען ווייל עֶר אִיז גִיוֶועזֶען אַ שְׁוַוארְץ קִינְד, נָאר וַוייל דֶער מְחוּתָּן הָאט גִיוְויסְט פוּן אִים אַז עֶר אִיז אַ גְרוֹיסֶער לַמְדָן, הָאט דָאס אִים נִיט גִיהַארְט, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ גִימַאכְט נִיט

וויסנדיג

וְויסִינְדִיג , אונ הָאט אִים צוּא גִינוּמֶען מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד , אונ הָאט אִים צוּא גִינוּמֶען פַאר דֶעם שֶׁענְסְטִין גַאסְט , אונ אוֹיךְ הָאט עֶר גִימַאכְט צוּא לִיבּ אִים זַייעֶר אַ שֵׁיינֶע סְעוּדָה אונ הָאט פַאר בִּיטֶען דֶעם רָב פוּן לוּבְּלִין צוּא זִיךְ אוֹיף דֶער סְעוּדָה .

אח"כ נָאךְ דֶער סְעוּדָה הָאט דֶער רָב פַאר הֶערְט דָאס קִינְד , עֶר אִיז אִים זַייעֶר גִיפֶעלֶען ווַייל עֶר אִיז אַ גְרוֹיסֶער לַמְדָן , אָבֶּער ווִיא דִיא זָ׳ה הָאט אִים דֶער זֶעהֶען אַזוֹ אִיז עֶר אִיר גָאר נִיט גִיפֶעלֶען , אַזוֹ הָאט זִיא גִיזָאגְט דֶעם פָאטֶער מִיט דֶער מוּטֶער אַז זִיא ווִיל נִיט דֶעם חָתָן , ווַייל עֶר אִיז נִיט קֵיין שֵׁיינֶער פַּרְשׁוֹין , דִיא פָאטֶער אונ מוּטֶער אִיז זַייעֶר שְׁלֶעכְט גִיוָוארֶען ווִיא אַזוֹי זָאגְט מֶען אִים אָפּ . עֶרְשְׁטִינְס אִיז עֶר אַלֵיין זַייעֶר אַ לַמְדָן , וְחוּץ מִזֶה אִיז עֶר אַ יָתוֹם ווִיא אַזוֹ טוּט מֶען אַזוֹ אַיין זַאךְ אַז מֶען זָאל אָפּ לָאזֶען אַיין שִׁידוּךְ .

הַכְּלַל עֶס אִיז זֵייא זַייעֶר שְׁלֶעכְט גִיוָוארֶען זֵייא הָאבֶּען זִיךְ קֵיין עֵצָה נִיט גִיקָאנְט גִיבֶּען , אונ דִיא כַּלָה אִיז בַּייא זֵייא גִיוֶועזֶען אַיין בַּת יְחִידָה הָאט זִיא זֵייא גִיזָאגְט הַכְּלַל ווִיא בַּאלְד זֵייא ווֶעלֶען דֶעם שִׁידוּךְ נִיט אָפּ לָאזֶען ווֶעט זִיא זִיךְ אַוֶועק ווִיא הִין דִיא אוֹגִין ווֶעלֶען זִיא טְרָאגֶען , וְחוּץ מִזֶה אִיז זִיא קְרַאנְק גִיוָוארֶען פַאר צָרוֹת , מֶען הָאט גִירוּפִין פִיל דָאקְטוֹרִים צוּא אִיר . הָאבֶּען דִיא דָאקְטוֹרִים גִיזָאגְט אַז זִיא אִיז גִיזוּנְט נָאר זִיא הָאט עֶפִּיס אַ בְּרֶענִינְג אִין הַארְצִין ;

הכלל

הַכְּלַל דִיא פָאטָער אוּנ מוּטָער אִיז זַייעֶר שְׁלֶעכְט גִיוָוארֶען וַויא אַזוֹ מֶען טוּט אַזאַ זַאךְ מֶען זָאל אִים אָפּ זָאגֶן, אוּנ דֶער חָתָן אִיז שְׁטֶענְדִיג גִיזֶעסֶען אִין קְלוֹיז אוּנ הָאט גִילֶערִינְט תּוֹרָה,

אַזוֹ הָאבֶּען זִיךְ דִיא פָאטָער אוּנ מוּטָער בַּאקְלֶערְט אַז זַייא זָאלֶען גֵיין צוּם רָב אַיין עֵצָה צוּא הַאלְטֶען זִיךְ, וַויא אַזוֹ אַרוּם זַייא זָאלֶען קֶענֶען אָפּ לָאזִין דֶעם שִׁידוּךְ.

וַויא זַייא זֶענֶען גִיקוּמֶען צוּם רָב אוּנ הָאבֶּען אִים דֶער צֵיילְט אַז זַייא ווִילֶען אָפּ לָאזֶען דֶעם שִׁידוּךְ הָאט זַייא דֶער רָב אָפּ גִישְׁלָאגֶען דֶער פוּן זַייא זָאלֶען נִיט אָפּ לָאזִין דֶעם שִׁידוּךְ עֶס הָאט אָבֶּער נִיט גִיהָאלְפֶען, הַכְּלַל זַייא הָאבֶּען דֶעם רָב נִיט גִיפָאלְגְט אוּנ הָאבֶּען בַּאקְלֶערְט אַיין אַנְדֶער עֵצָה, הַיְינוּ זַייא הָאבֶּען אָן גִיזָאגְט דֶער דִינְסְט אַז עֶר וֶועט קוּמֶען עֶסִין זָאל זִיא אִים קַיין עֶסִין נִיט גִיבֶּען.

אַזוֹ אִיז גִיוֶועזֶען עֶר אִיז גִיקוּמֶען אַ הֵיים עֶסִין וֶוען זַיין צַייט אִיז גִיוֶועזֶען שְׁטֶענְדִיג צוּא קוּמֶען אַ הֵיים עֶסִין. אַזוֹ זָאגְט אִים דִיא דִינְסְט עֶס אִיז נָאךְ נִיט פַארְטִיג, דָאס קִינְד אִיז זִיךְ אַוֶועק גִילָאפֶען אִין קְלוֹיז גִישְׁוִוינְד אוּנ הָאט זִיךְ גִיזֶעצְט לֶערְנֶען, עֶר הָאט נֶעבִּיךְ דֶער ווַייל נִיט גִיגֶעסֶען אַ גַאנְצֶען טָאג.

אוֹיף דֶער נַאכְט עֶר קוּמְט אַ הֵיים זִיצְט דֶער מְחוּתָּן מִיטִין וַוייבּ אוּנ טְרוּנְקְט טֵייא, עֶר זֶעצְט זִיךְ אוֹיךְ לֶעבֶּען זַייא אוּנ דִיא כַּלָּה זִיצְט אוֹיךְ לֶעבֶּען זַייא. זַייא טְרִינְקֶען דִיא

טייא

טֵייא אונ אִים גִיבֶּען זֵייא נִיט, אונ רֶעדֶען מִיט אִים רֶעדֶען זֵייא אויך קֵיין וָוארְט נִיט.

הַכְּלָל עֶר אִיז דָאךְ אֵיין חָכָם, הָאט עֶר גִיקְלֶערְט אֶפְשָׁר הָאט דֶער מְחוּתָּן אַנְדֶערֵי יְסוּרִים פוּן זַיינֶע גִישֶׁעפְּטֶען וָואס דורךְ דֶעם הָאט עֶר אִים נִיט אִין זִינֶען, אַזוֹ אִיז עֶר גִיגַאנְגֶען אונ הָאט זִיךְ נֶעבִּיךְ גִילֵייגְט שְׁלָאפֶען הִינְגֶערִיקֶער הֵייד, אויף מָארְגֶען פְּרִיא עֶר שְׁטֵייט אויף גַאנְץ פְּרִיא אונ גֵייט מִן הַסְתָם אִין קְלויז דַאוֶוינֶען, עֶס אִיז גִיוֶוען פְרַייטָאג, וִויא עֶר קוּמְט פוּנֶעם דַאוֶוינֶען אונ ווִיל עֶפִּים עֶסִין, אָבֶּער דִיא דִינְסְט טוּט אויף אִים אַ גְרוֹיסֶען גִישְׁרֵייא, עֶס אִיז נָאךְ גִיטָא קֵיין עֶסִין פוּן דַיינֶעט וֶועגֶען.

דֶער חָתָן גֵייט נֶעבִּיךְ אִים אִין צָרוֹת עֶר קְלֶערְט צוּ זִיךְ אַלֵיין וָואס זָאל עֶר טָאן, גֵיין דֶער צֵיילֶען פַאר דֶעם מְחוּתָּן וֵוייסְט עֶר וואל עֶר אִיז עֶרְשְׁט גֶעבֶּעטֶען אויף דֶער נַאכְט גִיזֶעסֶען אִין גְרוֹיסֶע צָרוֹת, וֶועט עֶר אִים גֵיין אַצוּנְד דֶער קִיטְשֶׁען מִיט זַיין עֶסִין.

הַכְּלָל עֶס אִיז אִים זֵייעֶר שְׁלֶעכְט גֵייעֶן אִין קְלויז לֶערְנִין אִיז עֶר נֶעבִּיךְ זֵייעֶר הִינְגֶערִיג: עֶר אִיז גִיגַאנְגֶען אונ אֵיין ווִינְקֶעלִי אונ הָאט אָן גִיהוֹבֶּען צוּא וֵויינֶען זֵייעֶר שְׁטַארְק. אונ הָאט זִיךְ אַבִּיסֶעל אוּיס גִיוֵויינְט. אונ אִיז זִיךְ גִיגַאנְגֶען אִין קְלויז אַבִּיין לֶערְנִין אונ הָאט נֶעבִּיךְ דֶעם טָאג אויךְ אָפּ גִיפַאסְט.

וויא עס איז גיקומען פאר נאכט איז דער מחותן גקומען אין קלויז מקבל שבת זיין דאס קינד גייט צו צוא אים אונ רעט עפים צוא אים ער ענטפערט אים אבער קיין ווארט :

דעם קינד איז דא גיווארין זייער שלעכט ער ווייסט גאר ניט וואס קאן דאס זיין וואס דער מחותן רעד מיט מיר ניט אונ גייט אום צוא קאכט פון געכטין אן ; אזוי האט דאס קינד גיקלערט . באם טיש אז מיר וועלין זיצען אין עסין אזו מוז איך אים פרעגין ער זאל מיר זאגין וואס ער גייט אים אזו צארינדיג .

בקיצור מען האט אפ גידאווינט מנחה מיט קבלת שבת דער מחותן גייט זיך אוועק אהיים אונ דאס קינד גייט אים נאך דער חתן מיט דעם מחותן זענען גיקומען אהיים . ער זאגט יעדען אגיט שבת . אבער קיינער ענטפערט אים קיין ווארט .

דער מחותן מיטען ווייב זענען זיך אריין גינאנגען אונ האבען זיך פאר שפארט אונ איין באזונדער חדר אונ האבן דארט אפ גיגעסין ער זיצט אונ זאל אונ ווארט דער מחותן זאל אריין גיין קידוש מאכען אונ צום סוף האבען זייא זיך גילייגט שלאפען ער גייט צו צוא דער טיר פון דער ספאלנע אונ קלאפט ! אזו רופט זיך אן דיא כלה סא האזי ! מען האט דאס אזו אז מען שלאפט קלאפט ער אוועק פון דאנען וועד האט דיך גיבראכט אהער וואס ביסטו דא פאר איין מחותן צוא זיין בייא אונז אין שטוב ;

וויא דער חתן האט דאס דער הערט אזו האט ער

זיך נֶעבִּיך זייעֶר גִיט אויס גִיוויינְט.

דֶער נָאךְ הָאט עֶר זִיךְ אויס גִיוַוִיינְט אִין שְׁטוּב אַשְׁטִיקֶעל בְּרוּיט אוּנ אִיז זִיךְ אַוֶועק גִיגַאנְגֶען אִין קְלוֹיז אַרַיין אִין הָאט דָאס אָפּ גִיגֶעסִין אִין הָאט זִיךְ גִילֵייגְט שְׁלָאפֶען אִין קְלוֹיז.

וַיְהִי בַּבּוֹקֶר. וויא עֶס אִיז גִיקוּמֶען אִין דֶער פְרִיא אִין דֶער מְחוּתָּן אִיז גִיקוּמֶען אִין קְלוֹיז אַרַיין דַאוִוינֶען אַזוֹי הָאט אִים דָער חָתָן גָאר נִיט פַארְשֶׁעפִּיט. מֶען הָאט אָפּ גִידַאוִוינְט נָאךְ דֶעם דַאוִוינֶען אִיז דָאס קִינְד שׁוֹין נִיט גִיגַאנְגֶען צוּם מְחוּתָּן. רַק עֶר אִיז אַרַיין גִיגַאנְגֶען צוּם רַב אוּנ הָאט אִים דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה וִויא אַזוֹ מֶען הָאט אִים דָא גִיטָאן אוּנ אוֹיךְ הָאט עֶר אִים דֶער צֵיילְט וואס דִיא כַּלָּה הָאט אִים גֶעבְּטִין אַרוֹיס גִיטְרִיבֶּען פוּנֶעם שְׁטוּב אַזוֹ הָאט אִים דֶער רָב גִיבֶּעטִין עֶר זָאל בַּייא אִים עֶסִין עֶר הָאט דֶעם רָב זֵייעֶר גִדַאנְקְט דֶער פַאר ווָאס עֶר בֶּעט אִים עֶר זָאל בַּייא אִים עֶסִין. אוּנ הָאט שׁוֹין גִיגֶעסִין בַּאם רָב בֵּיידֶע סְעוּדוֹת.

וויא עֶס אִיז גִיקוּמֶען תֵּיכֶף נָאךְ הַבְדָלָה! אַזוֹ אִיז עֶר גְלַייךְ גִיגַאנְגֶען צוּם מְחוּתָּן. ווִיא עֶר אִיז גִיקוּמֶען צוּם מְחוּתָּן אַהֵיים אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ אָן גִירוּפֶען זָאגְט מִיר נָאר מְחוּתָּן. ווָאס אִיז דִיא מַעֲשֶׂה אִיר ווילְט נִיט אִיךְ זָאל זַיין אַייעֶר חָתָן ווָאס דַארְפְט אִיר זִיךְ שֶׁעמִין זָאגְט מִיר אִיךְ ווֶעל אַייךְ נִיט נֵייטֶען.

אַזוֹ רוּפְט זִיךְ אָן דֶער מְחוּתֶּן זָאלְסְט ווִיסֶען! מַיין קִינְד דִיא כַּלָּה ווִיל דִיךְ נִיט פַאר אַיין חָתָן: אַזוֹ רוּפְט זִיךְ אָן דֶער

חתן

חָתָן זַייט גֶיזוּנְד מִיט אַייעֶר וַוייבּ אוּנ מִיט אַייעֶר קִינְד צוּא
אַייךְ הָאבּ אִיךְ קַיין טַעֲנוֹת נִיט נָאר אִיר זָאלְט וִויסֶען אַז אִיךְ
בִּין אַייךְ נִיט מוֹחֵל בְּשׁוּם אוֹפֶן . אִיר זָאלְט מִיר אֲפִילוּ
גֶעבֶּען דֶעם גַאנְצֶע נְדָן בִּין אִיךְ אִיר נִיט מוֹחֵל .

דֶער מְחוּתָן הָאט אִים גִיוָואלְט גֶעבֶּען גֶעלְט עֶר הָאט
נִיט גִיוָואלְט נֶעמֶען בְּשׁוּם אוֹפֶן עֶר הָאט זִיךְ מִיט זַיי גִיזֶיגֶענְט
אוּנ אִיז זִיךְ אַוֶועק גִיגַאנְגֶען פוּן זַייא . גְלַייךְ אִין קְלוֹיז .

אחר כךְ . דֶער נָאךְ הָאט עֶר זִיךְ בַּייא קְלֶערְט וָואס
וֶועט עֶר זַיין אִין לוּבְּלִין אִין קְלוֹיז עֶר זָאל נִיט הָאבֶּען וָואס
צוּא עֶסִין עֶר זָאל וֶוערִין אַ מְקַבֵּל אִיז אִים זֵייעֶר אַחֲרָפָה פַאר
דֶעם מְחוּתָן ..

על כן . דְרוּם הָאט עֶר זִיךְ אַיין עֵצָה גִיקְלֶערְט עֶר זָאל
אַוֶועק פוּן לוּבְּלִין אוּנ אַזוֹ הָאט עֶרגִיטָאן עֶר אִיז בַּאלְד אַוֶועק
פוּן לוּבְּלִין אוּנ וִויא עֶר אִיז גִיקוּמֶען הָאט עֶר זִיךְ נֶעבִּיךְ אוֹיס
גִיבֶּעטֶען אַיין נְדָבָה אוּנ אִיז וַוייטֶער גִיפָארִין .

הַכְּלָל עֶר אִיז גִיפָארִין גְלַייךְ קַיין פְּרֶעסְבּוּרְג . אִין
דָארְט אִין פְּרֶעסְבּוּרְג אִיז גִיוֶועֶן אַיין גְרוֹיסֶע יְשִׁיבָה , אַזוֹא
אִיז עֶר בַּאלְד גִיגַאנְגֶען צוּם רֹאשׁ יְשִׁיבָה אוּנ הָאט אִים גִבֶּעטֶן
עֶר וִויל לֶערְנִין אוּנ דֶער יְשִׁיבָה .

דֶער רֹאשׁ יְשִׁיבָה הָאט אִים פַאר הֶערְט . הָאט עֶר
גִיזֶעהִין אַז עֶר אִיז אַגְרוֹיסֶער לַמְדָן אַזוֹ הָאט עֶר אִים צוּא
גִינוּמֶען צוּא זִיךְ אוּנ הָאט אִים גִיהַאלְטֶען מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד
אוּנ

אונ איז גיזעסין מיט איין צייט אונ האט מיט אים גילע ווינט ער האט אים זייער ליב גיהאט. דער פאר האט ער אים זייער אפ גיהיט מיט עסין אין טרונקען. אזוא וויא עס דארף צוא זיין:

ויהי היום האט זיך גימאכט אז ר' אשר דער גביר פון פרעסבורג האט גיראפט איין שידוך טאן מיט זיין בת יחידה. אזו איז ער גיקומען צום ראש ישיבה אונ האט אים גיבעטין ער זאל אים אויס קלויבען אחתן פאר זיין טאכטער אונ האט אים דער פאר גיגעבין צוויא הונדערט רענדליך אזו האט אים דער ראש ישיבה דער ציילט פון דעם יונגעל וואס איז ניט לאנג גיקומען צוא אים אונ האט אים זייער מפליא גיוועזן אז ער איז אחכם אונ איין גרויסער למדן אזו האט ר' אשר גישיקט נאך דעם קינד אונ האט מיט אים תיכף אשידוך גיטאן אונ מען האט צוא מזל גימאכט תנאים אונ מען האט אפ גילייגט אויף איין קורצער צייט דיא חתונה.

דער חתן האט גינומען דיא תנאים אויף צוא זיך אונ האט זייא ביא האלטען דער מחותן האט אים זייער שיין באקלייד אונ האט אים גיגעבין זייער איין שיינע מתנה,

הכלל דאס קינד האט גיגעבן זייער אשיינעם שבח צוא גאט וואס ער האט מיט אים גיטאן אזא חסד. אונ מען זעהט ארויס אז השם יתברך איז איין אבי יתומים. והגיע זמן החתונה. עס איז גיקומען דיא צייט פון דער חתונה אזו האט ר' אשר גימאכט זייער טייערע קליידער דעם חתן מיט

דֶער כַּלָּה אוּנ אוֹיךְ דֶעם ראֹשׁ יְשִׁיבָה הָאט עֶר גִיגֶעבִּין זַייעֶר אַשֵׁיינֶע מַתָּנָה, אוּנ מֶען הָאט צוּא מָזָל גִימַאכְט זַייעֶר אַפַּיינֶע חֲתוּנָּה אוּנ בַּייא דֶער וֶועמְשִׁירֶע הָאט דֶער חָתָן גִיזָאגְט זַייעֶר אַיין שַׁארְפֶען פִּלְפּוּל פַּאר דֶעם עוֹלָם אוּנ אוֹיךְ זַייעֶר אַשֵׁיינֶע דְרָשָׁה עֶס הָאט זִיךְ קֵיינֶער נִיט גִיקָאנְט פַאר וִוינְדֶערִין אוֹיף דֶער חָכְמָה וָואס דֶער חָתָן הָאט גִיהַאט אוּנ זִיךְ אוּנ אִיז זַייעֶר גִיוָוארֶען אָן גִינוּמֶען אוֹיף גַאנְץ פְּרֶעסְבּוּרְג׃

הַכְּלַל ר' אָשֵׁר מִיט זַיין וַוייבּ הָאבֶּען זַייעֶר גִיקְוֶועלְט פוּן דֶעם אֵיידֶעם אוּנ הָאבֶּן גִיהַאט פִּיל תַּעֲנוּג פוּן דֶעם אֵיידֶעם.

עֶר הָאט גִיהֵייסֶען יַעֲקֹב דֶער יַעֲקֹב הָאט זִיךְ גִיהַאט זַייעֶר אַשֵׁיין לֶעבֶּן מִיט דֶעם וַוייבּ זֵייא הָאבֶּן אַזוֹ אָפּ גִיוואוּנְט צְווִישֶׁען זִיךְ אַיין עֶרֶךְ פוּן צְוֵוייא יָאר זֵייא הָאבֶּען שׁוֹין צוּא מָזָל גִיהַאט אַקִינְד׃

אַחַר כַּךְ דֶער נָאךְ הָאט ר' אָשֵׁר אָן גִיהוֹבֶּען צוּא נֶעמֶען אִים אִין זַיינֶע גִיוֶועלְבֶּער׃ עֶר הָאט אָן גִיהוֹבֶּען אַרַיין צוּא קוּקִין בִּיסְלֶעךְ וַוייס אוּנ דִיא גִישֶׁעפְטֶען אַרַיין׃

עֶס הָאט גִיוֶוערְט אַקְלֵיינֶע צַייט אִיז עֶר גִינִיט גִיוָוארֶען הַכְּלַל, מַעֲלָה מַעֲלָה בִּיז עֶר הָאט אַלֵיין אָן גִיהוֹבֶּען צוּ פִירֶען גְרוֹיסֶע גִישֶׁעפְטֶען עֶר הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַקְרָאהֶם פוּן זַיירֶען וַוארְג׃ אוּנ הָאט זַייעֶר פִּיל הַצְלָחָה גִיהַאט בִּיז עֶר אִיז גִיוָוארֶן פִּיל רַייכֶער פוּן זַיין שְׁוֶוער׃

אַצוּנְד לָאמֶער אִים לָאזֶען! אוּנ מִיר וֶועלֶען אַבִּיסֶעל שְׁמוּסֶען פוּן זַיין עֶרְשְׁטֶען מְחוּתָּן מִיט דֶער כַּלָּה׃

דער

דָער מְחוּתָּן פוּן פְרִיעָר הָאט גִיהֵייסֶען ר׳ אֱלִי אוּנ דִיא כַּלָה הָאט גִיהֵייסֶען גִיטֶעל :

צַייט דֶער חָתָן יַעֲקב אִיז פוּן זַייא אַוֶועק אַזוֹ הָאט ר׳ אֱלִין אָן גִיהוֹיבֶּען אַבִּיסֶעל קְלֶענֶער וֶוערִין זַיין עֲשִׁירוּת אוּנ עֶס אִיז אַזוֹ בִּיסְלֶעךְ וַויים גִיוָוארֶען וֵוייניגֶער אוּנ עֶס הָאט נִיט פִיל גִידַאוּוִירְט בִּיז אַיין עֵרֶךְ פוּן אַ יָאר אִיז עֶר גִיוָוארֶן אַיין יוֹרֵד מִנְּכָסָיו רַחֲמָנָא לִיצְלָן אוּנ אַיין מְחוּסַר פַּרְנָסָה בִּיז עֶס אִיז אִים גִיקוּמֶען עֶר זָאל גֵיין אוֹיף כִּכַּר לֶחֶם . וְחוּץ מִזֶה אִיז אִים נָאךְ דָאס וַוייבּ אוֹיךְ גִישְׁטָארְבֶּען :

הַכְּלָל עֶס אִיז אִים גִיוָוארֶען זֵייעֶר שְׁלֶעכְט . אַזוֹ הָאט עֶר זִיךְ מְיַישֵׁב גִיוֶועזְן אוּנ אִיז גִיגַאנְגֶען צוּם רָב פוּן לוּבְּלִין אוּנ הָאט פַּאר אִים זֵייעֶר שְׁטַארְק אָן גִיהוֹיבֶּען צוּא וֵויינֶען אוּנ הָאט אִים דֶער צֵיילְט זַיין שְׁלֶעכְטִיקֵייט וִויא אַזוֹ עֶס אִיז אִים זֵייעֶר שְׁלֶעכְט אַזוֹ הָאט אִים דֶער רַב גִיעֶנְטְפֶערְט .

עֶס אִיז דֶער פַּאר וָואס עֶר הָאט אָפּ גִילָאזְט דֶעם שִׁידוּךְ מִיט אַזוֹ אַיין צַדִיקְס אַיין קִינְד וָואס עֶר הָאט אִים אַזוֹא מְבַייֵשׁ גִיוֶועזְן .

אַזוֹא הָאט זִיךְ אָן גִירוּפֶען ר׳ אֱלִי אִיהְר זָאלְט וִויסֶען רֶבִּי אַז אִיךְ וֶועל פְּאַיין אִים זִיכֶען נָאר אִיךְ הָאבּ נִיט אוֹיף הוֹצָאוֹת דָער רַב הָאט אִים אָבֶּער גָאר נִיט גִיעֶנְטְפֶערְט דְרוֹיף .

בְּקִיצוּר ר׳ אֱלִי אִיז זִיךְ אַוֶועק גִיגַאנְגֶען פוּן דֶעם רַב אוּנ הָאט זִיךְ אַזוֹ בַּייא קְלֶערְט וָואס קֶען עֶר טָאן אִין לוּבְּלִי

צוּא

צוא זַיין אויךְ גֵיין אִין דִיא הַייזֶער אִיז אִים זֵייעֶר אַיין גְרוֹסֶע חַרְפָּה ·

אַזוֹ הָאט עֶר גִינוּמֶען זַיין טָאכְטֶער אוּנ אִיז מִיט אִיר אַוֶועק גִינַאנְגֶען צוא פִּים · זֵייא זָאלֶען גֵיין טָאמֶער וֶועלֶען זֵייא גִיפִינֶען דֶעם חָתָן ·

זֵייא זֶענִין גִינַאנְגֶען מִכְּפַר לִכְפַר וּמֵעִיר לְעִיר ; אוּנ וִויא זֵייא זַאנִין גִיקוּמֶען אוּנ אַיין שְׁטָאט הָאבֶּען זֵייא זִיךְ פְּרִייעֶר גִימַאכְט אַיין נְדָבָה זֵייא זָאלֶען הָאבֶּען אוֹיף צוא לֶעבִּין עֶטְלִיכֶע טֶעג ·

אוּנ אַחַר כַּךְ דֶער נָאךְ זֶענִין זֵייא אוּם גִינַאנְגֶען זִיבְּעַ רֶעם חָתָן עֶס הָאט אַזוֹ גִירוּיעֶרְט אַיין עֶרֶךְ פוּן צְוֵוייא חֳדָשִׁים בִּיז זֵייא זֶענִין גִיקוּמֶען קַיין דַאנְצִיג · אִיז זֵייא שׁוֹין נִמְאָס גִיוָוארֶען אִים צוא זִיכֶען אַזוֹ הָאט זִיךְ ר׳ אֶלִי אָן גִירוּפֶען צוא זַיין טָאכְטֶער וֵוייסְטוּ וָואס טָאכְטֶער לֶעבִּין אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶן לָאמִיר בְּלַייבֶּען דָא אִין דַאנְצִיג דִיא וֶועסְט זִיךְ שְׁטֶעלֶען פַאר אַ דִינְסְט אוּנ אִיךְ וֶועל זִיךְ שְׁטֶעלִין עֶרְגִיץ אוּנ אַיין גִיוֶועלְבּ פַאר אַיין מְשָׁרֵת אוֹדֶער פַאר אַיין בּוּךְ הַאלְטֶער אוּנ מִיר וֶועלִין זִיךְ צוא נוֹיף קְלוֹיבֶּען עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלִיךְ דֶער נָאךְ וֶועלֶן מִיר זֶעהִין כְּמָה נַפְשְׁךָ וֶועלֶען מִיר אָפּ זִיכֶען דֶעם חָתָן אִיז מַה טוֹב אוּנ אוֹיבּ נִיט וֶועל אִיךְ זֶעהִין דִיר גֶעבֶּען אַיין אַנְדֶערֶן חָתָן אוּנ וֶועסְט חֲתוּנָה הָאבֶּען ·

וְכֵן עָשׂוּ · אוּנ אַזוֹ הָאבֶּען זֵייא גִיטָאהן ר׳ אֶלִי הָאט זִיךְ גִישְׁטֶעלְט

גִישְׁטֶעלְט פַאר אַיין מְשָׁרֵת אִין אַיין גִיוָועלְבּ אוּנ זַיין טָאכְטֶער הָאט זִיךְ גִישְׁטֶעלְט פַאר אַיין דִינְסְט .

וְנָשָׂא חֵן בְּעֵינֵי הַבַּעַל הַבַּיִת שֶׁלוֹ. מַיין ר׳ אֶלִי הָאט שְׁרֶעקְלִיךְ נוֹשֵׂא חֵן גִיוֶוען בַּייא זַיין בַּעַל הַבַּיִת מַחֲמַת עֶר אִיז דָאךְ גִיוֶוען פְּרִיעֶר אַיין גְרוֹסֶער סוֹחֵר אִיבֶּער דֶעם אִיז עֶר גִיוֶוען אַיין גְרוֹסֶער מֵבִין אוֹיף סְחוֹרָה עַל כֵּן הָאט עֶר נוֹשֵׂא חֵן גִיוֶוען בַּייא זַיין בַּעַל הַבַּיִת עֶר אִיז בַּייא אִים גִיוָוארֶען דֶער גַאנְצֶער טִיעֶר עֶר פְלֶעגְט אִים פִירֶען אַלֶע בִּיכֶער , אוּנ אוֹיךְ אוֹפְטֶער מָאל פְלֶעג עֶר פָארֶען אוֹיף קָאנְטְרַאקְטִין אוּנ וְויא עֶר הָאט שׁוֹין אָן גִיקְלִיבֶּען עֶטְלִיכֶע קֶערְבְּלִיךְ אַזוֹא הָאט עֶר שׁוֹן אָפּ גִינוּמֶען זַיין טָאכְטֶער פוּן דֶער פְרֶעמְד אוּנ הָאט זִיא גִינוּמֶען אַהֵיים צוּא זִיךְ אוּנ הָאט זִיךְ שׁוֹין אָן גִיהוֹבֶּען צוּא פִירֶען זַייעֶר גְרוֹיס . אוּנ הָאט זִיךְ שׁוֹין גִימַאכְט פַאר גֶעסִין פוּן דֶעם שִׁידוּךְ .

אַחַר כַּךְ . הֶער נָאךְ הָאט עֶר גִיהֵייסֶען מֶען זָאל רֶעדִין זַיין טָאכְטֶער אַיין שִׁידוּךְ אִין דַאנְצִיג אַזוֹ הָאט מֶען אִיר אוֹיס גִישַׁאטְבִּינְט אַיין שִׁידוּךְ זַייעֶר אַפַּיינֶעם שִׁידוּךְ אוּנ עֶר הָאט אִיר צוּא מַזָל חֲתוּנָה גִימַאכְט אִין דַאנְצִיג . ר׳ אֶלִי הָאט אָן גִיהוֹבֶּען וֶוערֶען אַיין מַצְלִיחַ .

עֶר הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַיין הַאנְדֶעל פוּן זַיידֶען ווַארְג אוּנ עֶס אִיז אִים גִיגַאנְגֶען מִיט גְרוֹיס הַצְלָחָה . עֶר אִיז גִיוָוארֶן נָאךְ פִיל רַייכֶער פוּן פְרִיעֶר .

עֶס אִיז שׁוֹין גָאר פַאר גֶעסִין גִיוָוארֶען אַז עֶר אִיז גִיוֶוען אַיין

אַיין מְשָׁרֵת · רַק מֶען הָאט אִים שׁוֹין גִירוּפֶען ר׳ אֱלִי דַאנְצִגֶיר זַיין שֵׁם אִיז גִיגַאנְגֶען לְמֶרְחַקִים עֶר אִיז גִיוָוארֶען דֶער עֶרְשְׁטֶער גְבִיר פוּן דַאנְצִיג ·

עֶר פְלֶעג אוֹיךְ זֵייעֶר פִיל צְדָקוֹת צוּא טֵיילֶען זַיין טָאכְטֶער הָאט גִיוואֹנְט מִיט אִיר מַאן זֵייעֶר פַיין אוּנ רוּאִיג אַזוֹ וִויא עֶס דַארְף צוּא זַיין ·

וַיְהִי הַיּוֹם הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַז ר׳ אֱלִי אִיז שְׁלַאף גִיוָוארֶן אוּנ עֶס הָאט קַיין סַאךְ נִיט גִידָאוּוִירְט אוּנ אִיז גִישְׁטָארְבֶען דִיא טָאכְטֶער מִיט דֶעם אֵיידֶעם הָאבֶען אִים גִירְשִׁית זֵייעֶר פִיל עֲשִׁירוֹת ·

דֶער אֵיידֶעם מִיט דֶער טָאכְטֶער הָאבֶען גִיפִירְט דִיא גִיוֶועלְבֶער נָאךְ פִיל גְרֶעסֶער וִויא דֶער פָאטֶער הָאט גִיפִירְט ;

וַיְהִי הַיּוֹם הָאט זִיךְ גִימַאכְט עֶס אִיז גִיוֶוען אַיין גְרוֹסֶער יַארִיד אִין לֶעמְבֶּערִיג אַזוֹ אִיז ר׳ אֱלִי׳ס אֵיידֶעם גִיפָארֶען אוֹיף דֶעם יַארֶער אוּנ הָאט מִיט גִינוּמֶען זֵייעֶר פִיל סְחוֹרָה אוּנ אוֹיךְ הָאט עֶר מִיט גִינוּמֶען מִיט זִיךְ צְוַוייא מְשָׁרְתִים אוֹיף דֶעם וֶועג זֶענֶען זֵייא גִיוֶוען זֵייעֶר פְרֵיילִיךְ בִּיז זֵייא זֶענֶען גִיקוּמֶען קֵיין לֶעמְבּוּרִיג אַזוֹ אִיז ר׳ אֱלִי׳ס אֵיידִים שְׁלַאף גִיוָוארֶען אוּנ אִיז גִישְׁטָארְבֶּען אִין לֶעמְבּוּרִיג ·

דִיא מְשָׁרְתִים זֶענֶען גִיוֶוען אִין לֶעמְבּוּרִיג אִיבֶּער דֶעם יַארִיד אוּנ הָאבִין פַאר קוֹיפְט דִיא גַאנְצֵי סְחוֹרָה · נָאךְ דֶעם הָאבֶען זֵייא זִיךְ בַּאקְלֶערְט וָואס טוּיג אוּנְז פָארֶען אַהֵיים אָפּ

גִיבֶּען דֶער־בַּעל הַבָּאתְטִי דָאס גֶעלְט אַזוֹ פִיל . מִיר וֶועלִין זִיךְ בֶּעסִיר צוּא טֵיילִין דֶער מִיט , אַזוֹ הָאבֶּען זֵייא גִיטָאן זֵייא הָאבֶּען זִיךְ צוּא טֵיילְט מִיט דֶעם גֶעלְט , אוּנ זֶענֶען דָארְט פַּאר בְּלִיבֶּען .

דֶער נָאךְ הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַ גְרוֹיסֶע שְׂרֵיפָה אִין דַאנְצִיג אוּנ עֶס אִיז פַאר בְּרֶענְט גִיוָוארֶען אִירִי גְוֶועלְבֶּער מִיט דִיא סְחוֹרוֹת זִיא אִיז קַאם מִיטֶען לֶעבִּין אַנְטְלָאפִין פוּן דַאנְצִיג .

אַזוֹ הָאט זִיא גִישִׁיקְט אַיין בְּרִיף קַיין לֶעמְבּוּרִיג צוּא דִיא מְשָׁרְתִים זֵייא זָאלֶען אִיר צוּ שִׁיקֶען סְחוֹרָה אָדֶער זֵייא זָאלֶען אִיר שִׁיקֶען דָאס גֶעלְט וָואס זֵייא הָאבֶּען גְלֵייזְט . עֶס הֶעלְפְט אִיר אָבֶּער נִיט זִיא הָאט פוּן זֵייא קַיין שׁוּם עֶנְטְפֶער נִיט , אַזוֹ הָאט זִיא פַאר קוֹיפְט דִיא לֶעצְטִי פִינְגֶערְלִיךְ פוּן זִיךְ אוּנ אִיז גִיפָארֶען קַיין לֶעמְבּוּרִיג צוּא דִיא מְשָׁרְתִים .

וְויא זִיא אִיז גִיקוּמֶען קַיין לֶעמְבּוּרִיג צוּא דִיא מְשָׁרְתִים אַזוֹ הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גָאר פַאר לֵייקְנְט אַז זֵייא זֶענֶען נִיט אִירֶע מְשָׁרְתִים אוּנ זֵייא הָאבֶּען נִיט אִיר גֶעלְט .

עֶס אִיז אִיר גֶעבִּיךְ זֵייעֶר שְׁלֶעכְט גִיוָוארֶען זִיא הָאט גֶעבִּיךְ זֵייעֶר שְׁטַארְק אָן גִיהֵייבֶּען צוּא וֵויינֶען מִיט אַיין שְׁרֶעקְלִיכֶען גִיוֵויין בִּיז זִיא אִיז גֶעבִּיךְ אַנְשְׁלָאפֶען גִיוָוארֶען אִין גְרוֹיסֶע צָרוֹת .

אַזוֹ אִיז אִיר גִיקוּמֶען אִיר פָאטֶער צוּ חָלוֹם אוּנ זָאגְט אִיר וֵויין נִיט מַיין קִינְד , זָאלְסְט וִויסֶען אַז דִיא אַלֶע צָרוֹת אִיז

אִיז דִיר גִיקוּמֶען וַוייל דִיא הָאסְט אָפּ גִילָאזְט דֶעם שִׁידוּךְ ׃

ע״כ זָאלְסְט וִויסֶען אַז עֶס וֶועט דִיר אַנְדֶערְשׁ נִיט זַיין גִיט , סַיידֶען דִיא וֶועסְט אָפּ נֶעמֶען בַּייא דַיין חָתָן דִיא תְּנָאִים אוּנ זָאלְסְט וִויסֶען אַז דַיין חָתָן אִיז אִין פְּרֶעסְבּוּרְג ׃

זִיא הָאט זִיךְ אוֹיף גִיהַאפְּט אוּנ אִיז תֵּיכֶּף גִיגַאנְגֶען צוּם לֶעמְבֶּרִיקֶער רָב אוּנ הָאט אִים דֶער צֵיילְט דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה אַזוֹ הָאט אִיר דֶער רָב גִימַאכְט אַיין נְדָבָה זִיא זָאל הָאבֶּען אוֹיף הוֹצָאוֹת בִּיז קַיין פְּרֶעסְבּוּרְג זִיא הָאט גִינוּמֶען דָאס גֶעלְט בַּייא דֶעם רָב אוֹיף דֶער הוֹצָאָה אוּנ הָאט זִיךְ מִיט אִים גִיזֶעגֶענְט אוּנ אִיז אַוֶועק גִיפָארֶען גְלַייךְ קַיין פְּרֶעסְבּוּרְג ׃

וִויא זִיא אִיז גִיקוּמֶען קַיין פְּרֶעסְבָּארְג אוּנ הָאט נִיט גִיהַאט אוֹיף דֶער הוֹצָאָה הָאט זִיא זִיךְ נֶעבּוּךְ גִישְׁטֶעלְט פַאר אַיין דִינְסְט , זִיא אִיז אָפּ גִיוֶועזֶען אַיין עֶרֶךְ פוּן אַ יָאר צְוַוייא אִין פְּרוּסְבַּארְג ׃

דֶער נָאךְ הָאט זִיךְ גִימַאכְט מֶען הָאט גִידַארְפְט הָאבֶּען אַיין דִינְסְט צוּא ר׳ יַעֲקֹב דֶער גְבִיר פוּן פְּרֶעסְבּוּרְג וֶועלְכֶער עֶר אִיז גִיוֶועזֶען אִיר חָתָן אוּנ זִיא הָאט נִיט גִיוְויסְט אַז דָאס אִיז אִיר חָתָן ׃ זִיא הָאט זִיךְ גִישְׁטֶעלְט בַּייא אִים פָאר אַ דִינְסְט , אוּנ אִיז בַּייא אִים גִיוֶועזֶען אַיין צַייט בִּיז זִיא אִיז שׁוֹין גִיוָואקְסְט גִיוָוארֶען בַּייא אִים אִין שְׁטוּב ׃

ויהי

וַיְהִי הַיּוֹם הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַיין צַייט וְואס ר׳ יַעֲקב מִיט זַיין וַוייבּ זֶענֶען זִיךְ גִיזֶעסֶען רוּאִיג אוּנ הָאבֶּען זִיךְ גִיטְרוּנְקֶען טֵייא אוּנ דִיא דִינְסְט הָאט זֵייא דֶער לַאנְגְט טֵייא. אוּנ זִיא הָאט זִיךְ נֶעבִּיךְ אָן גִיהֵייבֶּען צוּא בַּארֵיינְקֶען אִיר מַעֲמָד וִויא אַזוֹי עֶס אִיז אִיר גִיוֶועזֶן גִיט אוּנ אוֹיךְ וָואס פַאר אַיין מַעֲמָד זִיא אִיז הַיינְט. הָאט זִיא גִיטָאן זֵייעֶר אַיין גְרוֹסֶען זִיפְץ׳.

אַזוֹ הָאט זִיא ר׳ יַעֲקב מִיט זַיין וַוייבּ גִיפְרֶעגְט וָואס זִיא זִיפְצְט׳ אַזוֹ הָאט זִיא זֵייעֶר שְׁטַארְק אָן גִיהֵייבֶּען צוּא וֵויינֶען מִיט אַיין שְׁרֶעקְלִיךְ גִיוֵויין אוּנ הָאט זֵייא דֶער צֵיילְט אַז זִיא אִיז אַלֵיין פוּן לוּבְּלִין אוּנ אִיר טַאטֶע אִיז גִיוֶוען אַיין גְרוֹסֶער עוֹשֶׁר אוּנ אַז זִיא אִיז גִיוֶוען אַיין מֵיידֶעל הָאט אִיר פָאטֶער מִיט אִיר אַ שִׁידוּךְ גִיטָאן׳ דֶער חָתָן אִיז גִיוֶוען אַ גְרוֹסֶער לַמְדָן אוּנ אַיין גְרוֹסֶער חָכָם נָאר וַוייל עֶר אִיז גִיוֶוען אַיין שְׁוַוארְצֶער הָאט זִיא אִים פַּיינְט גִיהַאט׳ אוּנ אַז דֶער חָתָן אִיז גִיבְּלִיבֶּען אַ יָתוֹם אוּנ אִיז גִיקוּמֶען צוּא זֵייא אַ הֵיים הָאט זִיא אִים אַרוֹיס גִיטְרִיבֶּען פוּן זֵייעֶר שְׁטוּבּ׳ אוּנ הָאט אִים קֵיין עֶסִין נִיט גִיהֵייסֶען גִיבֶּען אוּנ הָאט אָפּ גִילָאזְט דֶעם שִׁידוּךְ׳ אוּנ עֶס אִיז שׁוֹין כַּמָה וְכַּמָה יָארֶען אִין דֶעם׳ אוּנ עֶס אִיז אִיר זֵייעֶר שְׁלֶעכְט אִיבֶּער דֶעם וָואס דֶער חָתָן הָאט אִיר נִיט מוֹחֵל גִיוֶועזֶן.

וִויא ר׳ יַעֲקב הָאט דָאס דֶער הֶערְט אִיז עֶר תֵּיכֶּף גִיגַאנְגֶען אוּנ הָאט גִיזִיכְט צְוִוישֶׁען זַיינֶע פַּאפִּירֶען הָאט עֶר גִיפוּנֶען דִיא תְּנָאִים אַזוֹ הָאט עֶר אִיר גִיזָאגְט אַז עֶר אִיז

גיוועזן

גִיוָועֶן אִיר חָתָן אוּנ הָאט אִיר בַּאלְד מוֹחֵל גִיוֶועֶן אוּנ הָאט צוּא רִיסֶען דִיא תְּנָאִים ׃

וִויא זִיא הָאט דָער וֶועהֶען זַיין עֲשִׁירוּת הָאט זִיא נָאךְ מֶער אָן גִיהֵייבֶּען צוּא וֵויינֶען אוֹיף דֶעם וָואס זִיא הָאט אָן גִיוואֹרֶען אַזוֹ אַיין טֵייעֶרֶען מַאן וֶועלְכֶער עֶס אִיז גִיוֶועֶן תּוֹרָה וּגְדוּלָּה בְּמָקוֹם אֶחָד, אוּנ אַיין גְרוֹסֶער מוּצְלַח ׃

ר׳ יַעֲקֹב הָאט אָבֶער נִיט גִיקָאנְט פַאר גֶעמֶען אִיר גִוויין אַזוֹ הָאט עֶר גִיגִיבֶּען צְוֵויא אֲלָפִים הֶערְבְּלִיךְ אוּנ הָאט אִיר גִיהֵייסֶען פָארֶען אַ הֵיים קַיין לוּבְּלִין מֵחֲמַת אִין פְּרֶעסְבּוּרְג אִיז זִיא הָאךְ גִיוָועֶן אַיין דִינְסט אָבֶער אִין דֶער הֵיים וֶועט זִיא קָאנֶען טָאן אַ פַיינֶעם שִׁידוּךְ ׃

אוּנ ר׳ יַעֲקֹב הָאט זִיךְ אָפּ גִילֶעבְּט דִיא וֶועלְט אִין פְּרֶעסְבּוּרְג מִיט זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער, אוּנ אִיז גִיוֶועֶן אַ גְבִיר אוּנ אוֹיךְ אַגְרוֹסֶער בַּעַל צְדָקָה גִיבֶער אוּנ אִיז גִוֶועֶן אַגְרוֹסֶער מוּצְלַח ׃

אַזוֹ זָאל אוּנְז אוֹיךְ הַשֵׁם יִתְבָּרֵךְ הֶעלְפֶען עֶס זָאל זַיין בַּייא אוּנְז אַלֶע תּוֹרָה וּגְדוּלָּה בְּמָקוֹם אֶחָד אָמֵן ׃

ע נ ד ע

אַצוּנְד מַיין לִיבֶּער פְּרַיינְט נֶעם זִיךְ אַרָאפּ אַ מוּסָר אַז מֶען דַארְף זִיךְ הִיטֶּען מֶען זָאל נִיט אָפּ לָאזֶען קַיין שִׁידוּךְ זֶעה אַרוֹיס דֶער פַאר וָואס ר׳ אֱלִי הָאט אָפּ גִילָאזְט דֶעם שִׁידוּךְ אִיז עֶר גִיוָוארֶען אַיין יוֹרֵד, אוּנ ר׳ יַעֲקב זַיין אֵיידִים אִיז עוֹלֶה לִגְדוּלָה, אוּנ זַיין אֵייגִינֶע כַּלָה הָאט אִיבֶּער דֶעם גִימוּזְט זַיין אַ דִינְסְט בַּייא אִיר אֵייגִינֶעם חָתָן ׃

---

# דער ליכטיגער גן עדן.

איין שיינע גישעכטי פון ר׳ שמעריל מכניס
אורח, וויא ער איז גיוועזן אין ליכטיגען גן עדן ,
נאר ער האט דארט קיין סך ניט גיוועלטיגט
מען האט אים באלד ארויס גיווארפען .

---


הובא לביה״ד ע״י ר׳ ישראל בראדעצקא.

## זיטאמיר

בשנת תרל״ז לפ״ק

---

ДЕРЪ ЛИХТИГЕРЪ ГАНЪ ЭДЕНЪ

ЖИТОМИРЪ

печатано въ тип. И. Бакста.

1876

אִין דֶעם דָארְף זַאבַּארֶע הָאט גִיוואוֹנְט אַ מָכְסִין וֶועלְכֶען מֶען הָאט אִים גִירוּפֶען ר׳ שְׁמֶערִיל, זַיין וַוייבּ הָאט מֶען גִירוּפֶען יֶענְטִיל, ר׳ שְׁמֶערִיל הָאט גִיוואוֹנְט אִין דֶעם דָארְף אַצַייט מִיט יָארֶען אוּנ הָאט קַיין קִינְדֶער נִיט גִיהַאט, פַּרְנָסָה הָאט עֶר גִיהַאט גַאנְץ גִינוּג. (עֶס זָאל אִים זַיין אַזוֹ גִינוּג צוּ לֶעבֶּען) עֶר הָאט דָארְט מְאַסֵף מָמוֹן גִיוֶועןְ, עֶר אִיז אַלֵיין גִיוֶועןְ אַיין גְרָאבֶּער יוּנְג עֶר הָאט קַיין וָוארְט עִבְרִי גְקָאנְט.

אַ מַכְנִיס אוֹרַח אִיז עֶר גִיוֶועןְ אַ גְרוֹסֶער עֶר הָאט גִישֶׁעמְט אוֹיף גַאנְץ קִיעֶבֶר טְרַאקְט, הַיינוּ בַּייא אִים אִין קְרֶעטְשְׁמֶע אִיז גִיוֶועןְ צְוַוייא טִירֶען אֵיינֶע אַ קֶעגֶען דֶער אַנְדֶערֶער אוּנ וֶועלְכֶער אָרוּמַאן פְלֶעג אַרַיין גַיין הוּנְגֶרִיג, אוֹיף אֵיין טִיר אוּנ פְלֶעג אִים נָאר בֶּעטֶען עֶפִּיס עֶסִין, אַזוֹ פְלֶעג עֶר אִים בַּאלְד גִיבֶּען אַ שְׁמִיץ אַז דֶער אָרוּמַאן אִיז דוּרְךְ גִיפְלוֹגֶען דוּרְךְ דֶער אַנְדֶערֶער טִיר, יָא מִיטֶען קִיק, וָוארוּם עֶר אִיז טַאקִי גִיוֶועןְ זֵייעֶר גִיזוּנְד, אַזַא מַכְנִיס אוֹרַח אִיז עֶר גִיוֶועןְ כָּל יָמָיו.

נִיט וַוייט פוּן דֶעם דָארְף זַאבַּארֶע אִיז גִיוֶועןְ אַקְלֵיין שְׁטֶעטֶעלִי וֶועלְכִיס עֶס הָאט גִהֵייסֶן יָאזִיפָאף אוּנ וֶוען מֶען הָאט עֶפִּיס גְדַארְפְט אוֹיף הִצְטַרְכוּת הַקָהָל הַיינוּ דָם מֶרְחָץ פַר רֶעכְטִין אָדֶער אוֹיף תַּלְמוּד תּוֹרָה אָדֶער נָאךְ אַנְדֶערִי זַאכֶען וָואס אַקְלֵיין שְׁטֶעטִיל דַארְף הָאבֶּען הִצְטַרְכוּת, פְלֶעג עֶר קַיין מָאל נִיט גִיבֶּען קַיין פְּרוּטָה אַחַת, וָוארוּם עֶר אִיז גִיוֶועןְ אַ גְרוֹסֶער בַּעַל צְדָקָה (אַזַא יָאר אוֹיף אִים).

דאס ווייב יענטילע איז אויך געוועזן זייער איין אשה צנועה זיא האט קיין מאל ניט געקאנט אן קוקן קיין מענטשען , זיא פלעג זיך אזו נוהג זיין פרייטאג פאר נאכט אז עס פלעג קומען איין ארומאן אונ האט זיא געבעטין ער זאל עסין ביא איר שבת פלעג זיא אים טרייבען מיט שטעקינס ער זאל לויפען געשווינד אין שטעטיל אריין וונטאג פלעג זיא ארויס ווארפען דעם טשאלינט פאר די כלבים אונ האט ניט פאר גינען אז א יוד זאל עסין ביא איר שבת אום זוסט . אזא צניעה איז זיא געוועזן .

ר' שמעריל מיט זיין ווייב האבען זיך אזו געפירט א צייט מיט יארען דיא מענטשען פון דעם שטעטיל זאגין אויף אים געוועזן זייער בייז , ווארום אין אמת איז זיך טאקי א פאר דראס אז א מענטש וואס האט קיין קינדר ניט אונ האט געלט זייער גינוג לסוף זאל ער זיך אזו אויף פירען נאר זייא האבען אים קיין שום זאך, ניט געקאנט טאן ווארום אויף להכעים האט אים נאך דיא הצלחה געשפילט ער האט געהאט גרויס חן ביא דעם אדון פון זאבארע אונ מען האט אים ניט געקאנט אוים דינגען פון דער קרעטשמע .

ויהי היום האט זיך גימאכט אז דער רב פון דעם שטעטיל איז נפטר געווארען , האט מען אים מן הסתם מקבר געוועזן מיט גרוס כבוד אזו וויא צו איין רב געהער .

ויהי כי ארכו הימים , דיא שטעט לייט האבען זיך באקלערט עס איז גאנץ שלעכט צוא זיין אן איין רב אונ אן איין מנהיג , אזו האט מען באלד געשיקט אין איין גרויסער שטאט אונ מען האט אויס געקליבען א יונגען מאן וואס ער

איז

איז גיוועזן אַ מושלם בכל המעלות הן אין לערנען, והן אין מילי דעלמא זייער אַ גרויסער חכם אונ מען האט אים גמאכט פאר רב, דער יונגער מאן איז געוועזן אין שטעטיל זייער חשוב ווייל ער איז געוועזן אַ קלוגער.

ויהי היום האט זיך געמאכט מען האט גידארפט צאלין די מלמדים פון תלמוד תורה אונ עס איז ניט געוועזן קיין געלט. על כן האט דער רב גיזאגט צוא די מענטשין פון דעם שטעטיל אַז ער וועט פארען אויף דער סביבה, (דאס הייסט אין די דערפיר וואס ארום דעם שטעטיל) דער רב איז ארויס גיפארען אויף דער סביבה אונ אַלע מוכסנים האבען אים גיגעבען איש לפי ערכו.

ווייא ער איז גיקומען צוא ר׳ שמערלין אונ האט אים דער ציילט אַז מען דארף האבען אויף תלמוד תורה, אַזוי האט ר׳ שמערל מיט זיין ווייב זייער גוט אויס גילאכט פון דעם רב זייא האבען גיזאגט שוין גאט צוא דאנקען אַ יאר צוואנציג אַז מיר זיצען דא האבען מיר קיין מאל ניט גיגיבען אויף תלמוד תורה ווילט איר מיר זאלען היינט געבען. חלעבין יענער רב אייך אויף לאנגע יארען האט שוין גיוויסט אַז מיר געבען קיין פרוטה ניט, פרעג ער גאר ניט קומען צוא אונז.

הכלל די מעשה האט דעם רב זייער פאר דראסין ער איז פון דארטען אוועק מיט גרויס פאר דראס, ער טראכט זיך נישט קשה איך וועל דיר שוין ווייזען, וועסט שוין באצאלין כפל כפלים.

אַזוֹ איז גִיוָועֶן דֶער רָב אִיז גִיקוּמֶען צוּא פָארִען אִין שְׁטֶעטִיל אַרַיין אוּנ הָאט בַּאלְד גִימַאכְט אַיין אֲסִיפָה עֶר הָאט צוּא נוֹיף גִירוּפֶען אַלֶע לַייט פוּנִים שְׁטֶעטִיל מִקָטָן וְעַד גָדוֹל אוּנ הָאט זֵייא דֶער צֵיילְט אַז מֶען מוּז טְרַאכְטֶען אַיין עֵצָה וְויא אַזוֹ מֶען זָאל קָאנֶען שְׁלֶעפֶען גֶעלְט בַּייא ר׳ שְׁמֶערְלִין ׃

דֶעם עוֹלָם אִיז דִיא זַאךְ זֵייעֶר גִיפֶעלֶען, דֶער רָב הָאט צוּא נוֹיף גִינוּמֶען בַּייא יֶעדֶען בַּאזוּנְדֶער גֶעלְט וְוִי פִּיל יֶעדֶער הָאט גִיגִיבֶּען. וְהַמּוֹתָר הָאט עֶר גִילִיגֶען בַּייא דֶעם גְבִיר פוּן דֶעם שְׁטֶעטִיל, עֶטְלִיכֶע מֵאוֹת רו״כ, אוּנ הָאט תֵּיכֶף גִיהֵייסֶען מֶען זָאל אוֹיף מָאוּוִירֶען זֵייעֶר אַ שֵׁיין מֵייעֶרִיל לֶעבֶּען בֵּית הַקְבָרוֹת, אִינְוֵוייגִיק הָאט מֶען אוֹיס גִיפִּיצְט מִיט זֵייעֶר שֵׁיינֶע אוּנ טֵייעֶרִי דִיוַואנֶעס, דִיא פָאדְלָאגִים הָאט מֶען בַּאשְׁלָאגֶען מִיט טֵייעֶרִין רוֹטֶען סַאמִיט, אַקאנַאפֶּע הָאט מֶען אַרוּם גִישְׁלָאגֶען מִיט רוֹטֶען סַאמִיט, אוּנ דֶעם טִישׁ אוֹיךְ אַזוֹ, אוּנ בֵּיינְקֶעךְ אוֹיךְ מִיט רוֹטֶען סַאמִיט ׃ מֶען הָאט דִיא אַלֶע זַאכֶען צוּא גִיגְרֵייט אַזוֹ וְוִיא דֶער רָב הָאט זֵייא גִיהֵייסֶען ׃

גַם דִיא אַנְדֶערִי זַאכִין וָואס דֶער רָב הָאט אָפּ גִירֶעט מִיט דִיא מֶענְטְשֶׁען פוּנִים שְׁטֶעטִיל וועט איר שְׁפֶּעטִיר וִויסֶען ׃

וּבְהַגִיעַ הַיּוֹם אַז ר׳ שְׁמֶערִיל הָאט גִיהַאט יָאר צַייט אִיז עֶר גִיקוּמֶען צוּא פָארֶען פַאר נַאכְט צוּם רָב אוּנ גֵייט אַרַיין אִין שְׁטוּב צוּם רָב אוּנ טְרָאגְט מִיט זִיךְ צְוֵוייא גְרוֹסֶע לֶעכְט אוֹיף יָאר צַייט ׃

דֶער רָב גִיט אִים אָפּ שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם אוּנ פְרֶעגְט אִים

פון

פוּן וַואנֶען אִיז אַ יוד , עֶר עֶנְטְפֶּרְט אִים מִיט אַ גִילֶעכְטֶער
וָואס אִיז רִבִּי אִיר הָאט מִיךְ שׁוֹין נִיט דֶער קֶענְט .

דֶער רָב אִיךְ וֵויים טַאקִי נִיט וֶוער אִיר זַאנְט .

ר׳ שְׁמֶערִיל שְׁטַאטְשׁ שְׁמֶערִיל זַאבְּאִריר .

דֶער רָב גְלֵייבְּט מִיר אִיךְ הָאבּ אַייךְ טַאקֶע נִיט דֶער קָאנְט אִיר זַאנְט עֶפִּיס אַזוֹ אַרָאפּ פוּנִים פָּנִים , חָלֶעבֶּען ר׳ שְׁמֶערִיל זָאגְט מִיר אִיר זַאנְט עֶפִּים קְרַאנְק גִילִיגֶען צוּ וָואס .

ר׳ שְׁמֶערִיל . וָואס רֶעט אִיר רִבִּי אִיךְ בִּין זֵייעֶר גִיזוּנְד .

דֶעם רָבְּס גַבַּאי . שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם ר׳ קָרוֹב פוּן וַואנֶען זַאנְט אִיר .

ר׳ שְׁמֶערִיל קוּקְט אִים אָן , שְׁמֶערִיל מִיט אַ גִילֶעכְטֶער , צוּא אִיר מַאכְט חוֹזֶק פוּן מִיר , קְלָאמִירְשְׁט דֶער קָאנְט אִיר מִיךְ נִיט .

דֶער גַבַּאי . גְלֵייבְּט מִיר אִיךְ וָואלְט אַייךְ אִין לֶעבֶּען נִיט דֶער קָאנְט אַז דָאס זַאנְט אִיר ר׳ שְׁמֶערִיל , אִיר זַאנְט דָאךְ תָּמִיד רוֹיט אוֹפִּין פָּנִים אוּנ דִיק , אוּנ הַיינְט זֶעט אִיר אוֹס אַזוֹ וִויא אַ מֵת , עֶר פְרֶעגְט אִים לַאנְג זַאנְט אִיר קְרַאנְק גִילִיגֶען .

ר׳ שְׁמֶערִיל קוּקְט זֵייא אָן , וָואס אִיז פַאר אַ מַעֲשֶׂה . עֶר נֶעמְט דִיא לֶעכְט אוּנ לוֹיפְט גִישְׁווִינְד אִין שׁוּל אַרַיין יָאר צַייט שְׁטֶעלֶען .

וִויא עֶר קוּמְט צוּא דֶער שׁוּל דֶער שַׁמָשׁ עֶפִינְט נָאר וָואס דִיא שׁוּל עֶר טְרָאגְט אִים צוּא דִיא לִיכְט אוּנ זָאגְט

אים איך האב היינט יאר צייט דער שמש פרעגט אים ווער זאגט איר .

ר׳ שמעריל מיט א גילעכטער , וואס איז איר זאגט משוגע איר דער קאנט שוין ניט ר׳ שמעריל זאבאריר .

דער שמש . איר זאגט ר׳ שמעריל , גיין עס קאן ניט זיין ,

ר׳ שמעריל . איך זאל אזו לעבען וויא איך בין שמעריל .

דער שמש . גלייבט מיר איך וואלט מיר אין לעבין ניט גיגלייבט , איר ווייזט עפים אוס אזו וויא איר זאגט ערשט פונים ביקור חולים ארוים , גלייבט מיר ר׳ שמעריל שענער פון אייך לייגט מען אין דער ערד .

דער נאך זאגען אן גיקומען א סך מענטשען אין שול דאוינען יעדער באזונדער גיט אפ אזא שלום עליכם און דער קאנט אים אז׳ץ ניט .

הכלל מען האט אים גימאכט אזא פחד אז ער האט שוין פריסירט דעם יאר צייט און איז גילאפען צום רופא פון דעם שטעטיל , דער רופא האט גיהייסען ר׳ זימעל .

ר׳ זימעל האט אים דער זעהען ער גיט אים אויך אפ דעם גיטען שלום עליכם און וויל אויך מיט אים אן הייבען צוא מייענען אזו וויא יענע חברה , אבער ר׳ שמעריל לאזט אים ניט טענין .

ר׳ זימעל פרעגט אים איר האט אוודאי גמוזמ עסין ווערעניקים ·

ר׳ שְׁמֶערִיל הֵייבְּט אָן וַויינֶען. יָא מַיין לִיבֶּער ר׳ זִימֶעל

אִיךְ הָאבּ נֶעכְטִין גִיגֶעסֶען וַוארֶענִיקֶעס אוּנ הֵייבְּט אָן צוּא וַויינֶען, הֶערְט נָאר ר׳ זִימֶעל גֶעלְט הָאבּ אִיךְ גִינוּג אִיךְ וֶועל אַייךְ גִיבֶּען וִויא פִּיל אִיר ווִילְט אוּנ קוּמְט מִיט מִיר צוּם דָאקְטֶער אוּנ רַאטִיוֶועט מִיךְ.

ר׳ זִימֶעל זָאגְט אִים אִיךְ וֶועל אַייךְ גִיבֶּען אַיין מוּרִיצִין אוֹיף אָפּ פִירֶען, דַאכְט מִיר אַז עֶס וֶועט אַייךְ וֶוערֶען בֶּעסֶער, אוּנ אוֹיבּ נִיט וֶועל אִיךְ מִיט אַייךְ גֵיין צוּם דָאקְטֶער.

עֶר גִיט אִים דֶער וַוייל דְרַייא קֶערְבְּלִיךְ, אוּנ ר׳ זִימֶעל גִיט אִים אַיין אַ סַךְ רוּצֶען אֵייל, ר׳ שְׁמֶערִיל הָאט אַיין גִינוּמֶען דֶעם מוּרִיצִין עֶס הָאט אִים אָן גִיהֵייבֶּען לַאקְסִירֶען עֶס הָאט אִים אַרוּס גִיזָאגְט דִיא נְשָׁמָה.

הִיץ הָאט עֶר שׁוֹין אוֹיךְ דֶער וַוייל בַּאקוּמֶען אוּנ אִיז גִיוָוארֶען צוּם רֶעכְטֶען אֱמֶת זַייעֶר שְׁלַאף.

ר׳ זִימֶעל זָאגְט צוּ אִים הָאסְט עֶפִּיס גֶעלְט בַּייא זִיךְ וֶועל אִיךְ מִיט דִיר גֵיין צוּם דָאקְטֶער.

ר׳ שְׁמֶערִיל. מִיט אַ גִיוֵויין. אוֹי ר׳ זִימֶעל קְרוֹין גֶעלְט וִויא פִּיל אִיר ווִילְט קוּמְט מִיט מִיר צוּם דָאקְטֶער.

ר׳ זִימֶעל לֵייגְט אִים אַרוֹיף אוֹיף זַיין פְּיֶרְל אִין פָּארְט מִיט אִים גְלַייךְ צוּם דָאקְטֶער — וִויא זַייא קוּמֶען בֵּיידֶע צוּם דָאקְטֶער אוּנ דֶער דָאקְטֶער זִיצְט אוֹבִּין אָן בַּאם טִישׁ אִין שְׁרַייבְּט.

דֶער דָאקְטֶער טוּט אַקִיק זִימֶעל דֶער רוֹפֵא שְׁטֵייט בַּייא דֶער טִיר ·

דֶער דָאקְטֶער פְרֶעגְט אִים וָואס עֶר דַארְף ·

ר׳ זִימֶעל · הֶער דָאקְטִיר אִיךְ בִּיטְטֶע צוּ בַּאטְרַאכְטֶן דִיזֶען קְרַאנְקֶען ·

דֶער דָאקְטֶער בַּאטְרַאכְט אִים גַאנְץ גִיט — יָא יָא ר׳ זִימֶעל דִיזֶער מַאן הָאט שׁוֹין אַקָארְצֶע צַייט צוּא לֶעבִּין וָואס הָאט איר מִיר גִיבְּרָאכְט אַזַא גִיפֶערְלִיבֶען קְרַאנְקִין ׃

ר׳ שְׁמֶערִיל הֵייבְּט אָן זֵייעֶר וֵויינֶען - לִיבֶּער דָאקְטֶער אִיךְ וֶועל אַייךְ גִיבֶּען גֶעלְט וִויא פִּיל זֵייא וֶועלִין אַלֵיין וֶועלִין · נָאר זֵייא זָאלִין מִיךְ רַאטִיוֶוען ·

ר׳ שְׁמֶערִיל גִיט דֶעם דָאקְטֶער פִינִיף אוּנ צְוָואנְצִיג קֶערְבְּלִיךְ אוּנ דֶער דָאקְטֶער שְׁרֵייבְּט אִים אַיין רִיצֶעפְּט אוּנ זָאגְט אָן זִימְלִין דֶעם רוֹפֵא מֶען זָאל אִים שְׁטֶעלִין אַכְטְצֶעהִין בַּאנְקִים מִיט זֶעקְס אוּנ דְרַייסִיג פִּיַאוְקִים · אוּנ דֶער רִיצֶעפְּט אִיז אוֹיף צוּא בְּרֶעכִין אוּנ לַאקְסִירֶן · אוּנ זָאגְט אָן ר׳ זִימְלֶען לְמַעַן הַשֵּׁם מֶען זָאל אִים גָאר נִיט גִיבֶען אוּנ מוֹיל אַרַיין · נָאר טָאמִיר וֶועט עֶר וֶועלִין אַטְרוּנְק זָאל מֶען אַיין טִינְקֶען אַשְׁטִיקֶעל צִיקֶער אוּנ אַבִּיסֶעל וַואסֶער אוּנ דִיא וַואסִיר וָואס וֶועט אַרָאפּ קַאפִּין פוּן דֶעם שְׁטִיקֶעל צִיקֶער זָאל עֶר טְרוּנְקֶן מֶער טָאר עֶר נִיט טְרוּנְקֶען ·

ר׳ זִימֶעל מִיט ר׳ שְׁמֶערְלִין חַאפִּין דֶעם רִיצֶעפְּט אוּנ לוֹפִין גִישְׁוִוינְד אַוֶעק צוּא ר׳ זִימְלֶען אַהֵיים ׃

וויא זייא זאנין גיגאנגען צוא ר׳ זימלען אהיים אויף דעם וועג זאגט ר׳ שמעריל צוא ר׳ זימלען איך וועל אייך באצאלין פאר דער ברחה אונ קומט מיט מיר צום אנדרין דאקטער. ר׳ זימעל איז מיט אים גיגאנגען צום אנדערין דאקטער וויא זייא זענין גיקומען צום אנדרין דאקטער. אונ ר׳ זימעל האט גיבעטין דעם דאקטער ער זאל אים בטראכטען.

דער דאקטער האט אים בטראכט. ער שרייט אויף זימלען אזא חולה וואס האט נאך עטליכע שעה צוא לעבין האט איר מיר גיבראכט. ר׳ שמעריל האט דאס דער הערט. האט ער זייער אן גיהובין צוא וויינען איך בעט אייך ליבער דאקטער ראטיוויט מיך איך וועל אייך גיבען אסאך געלט.

ר׳ זימעל ווייזט דעם דאקטער דעם ריצעפט וואס יענער דאקטער האט אים גיגעבין דער דאקטער באטראכט דעם ריצעפט ער ענטפערט יא דער ריצעפט איז גאנץ גיט. נאר איין זאך האט יענער דאקטער פאר געסין צוא שרייבען. ער געמט דיא פען אונ שרייבט צוא זעקס קאנים איינס נאך דעם אנדרין. אונ ער זאגט למען השם זימעל פאר מיט אים גישווינד אהיים צוא אים אין דארף. אונ זאלסט אים באלד טאן אזו וויא דא שטייט. אונ זאלסט זיין לעבין אים אז דיא וועסט זעהין וויא ער האלט זאלסטו אינז באלד געבין אידיעה וועל איך קומען צוא פארין צוא אים אין דארף ארין.

ר׳ זימעל הָאט אִים גִישְׁווִינְד אַרוֹיף גִיוָוארְפִין.אוֹיף דֶעם וָואגֶן אוּנ הָאט מִיט גִינֶעמֶען אַלֶע מַכְשִׁירִים וָואס עֶר הָאט גִירַאוּבְט פִין זַיינֶעם וֶועגִין אוּנ אִיז מִיט אִים בַּאלְד גִילָאפִין אִין דָארְף אַרַיין ׃

ווִיא זַייא זֶענִין גִיקוּמֶען צוּא זַיין קְרֶעטְשְׁמִי אִיז ר׳ זִימֶעל אַרָאפּ גִישְׁפְּרִינְגֶען פִּין דֶער פִּיר אוּנ ווּפְט אַרוֹיס יֶענְטִילִין זַיין וַוייבּ ׃ זִיא טִיט אַקִיק אַז שְׁמֶערִיל לִיגְט אוֹיף דֶער פִּיר אוּנ קָאן נִיט אַרָאפּ זִיא הֵייבְּט אָן צוּא וַויינֶען ׃ אַצָּרָה אִיז מִיר אַשְׁלַאק אִיז מִיר וָואס אִיז דִיר עֶפִּיס גִיוֶועןׅ מַיין טַייֶערִיר מַאן ׃ זִימֶעל שְׁרַייט אוֹיף אִיר אָן אִיצְט אִיז נִיט קֵיין צַייט צוּ רֶעדִין מִיט אִים זִימֶעל מִיטֶען וַוייבּ הָאבִּין אִים אַרָאפּ גִינוּמֶען פִּין דֶער פִּיר מֶען לֵייגְט אִים אַנִידֶער אוֹיף דֶער קַאנַאפֶּע ׃

עֶר לֵייגְט אִים אוּנְטֶער אַשְׁטִיקֶעל רֶעדְנִי וָוארוּם בֶּעט גִיוַואגְט הִיצְט ׃

אוּנְזֶער ר׳ זִימֶעל הָאט זִיךְ גִינוּמֶען צוּא דֶער אַרְבִּיט ׃ רֵאשִׁית הָאט עֶר אִים בַּאלְד גִישְׁטֶעלְט אַבְּטְצָהֶען בַּאנְקִים אוֹיף דִי פְּלֵייצִים אוּנ צְוֶועלִיף אוֹפִּין קָאפּ ׃

דֶער נָאךְ הָאט עֶר אִים גִישְׁטֶעלְט זֶעקְס אוּנ דְרַייסִיג פִּיוָואקִים אוֹפִּין הַארְצִין ׃ אוּנ הָאט אִים אָן גִיגֶעבִּין דֶעם רִיצֶעפְּט הָאט עֶר בַּאלְד אָן גִיהוֹבִּין צוּא בְּרֶעבִין דֶער נָאךְ הָאט עֶר אִים גִימַאכְט עֶטְלִיכֶע הֵייסֶע קַאנִים ׃

הַכְּלָל עֶר הָאט אִים גִימַאכְט פַאר אַהוֹרֶג דָארְךְ דָאס גַאנְצֶע לַייבּ צוּא סְקַאלִיטְשֶׁעט בְּרֶעכִין מִיט לַאקְסִירֶען פֶּעלְט אִים שׁוֹין אוֹיךְ נִיט ׃

ר׳ שְׁמֶערִיל לִיגְט דָא זֵייעֶר מִיט גְרוֹיס פַאר גִינוּגֶן .

דֶער נָאךְ הָאט עֶר גִיוְויזֶען מִיטֶען פִינְגֶער צוּם מוֹיל אַז עֶר ווִיל אַטְרִינְק . ווָארוּם עֶר הָאט שׁוֹין נִיט גִיקָאנְט רֶעדֶען . אַזוֹ הָאט ר׳ זִימֶעל אַיין גִיטְרוּנְקֶט אַשְׁטִיקֶעל צִיקֶער אוּנ וַואסֶער אוּנ הָאט דָאס גִיהַאלְטִין אִיבֶּער זַיין מוֹיל עֶס זָאל אַרָאפּ קַאפִּין אַטְרָאפִּין וַואסֶער צוּא אִים אוּנ מוֹיל אַרַיין . פוּן דֶעם טְרִינְק הָאט עֶר זִיךְ גָאר מְחַיֶה גִיוֶוען . הַכְּלָל עֶס הָאט אִים שׁוֹין גִיבְּרֶענְט אוּפִין הַארְצִין אוּיךְ זֵייעֶר גִיט .

ווִיא עֶס אִיז גִיקוּמֶען בַּייא נַאכְט זֵייגֶער צְוֶועלִיף . הָאט זִימֶעל גִיהֵייסֶען מֶען זָאל שִׁיקֶען אִין שְׁטָאט אַרַיין נָאךְ דִיא צְוַוייא דָאקְטוֹרִים . דִיא דָאקְטוֹרִים זַאנִין בַּאלְד גִיקוּמֶען . פִיפְּצִיג קֶערְבְּלִיךְ פַאר דֶעם ווָאזוּט הָאבֶּען זֵייא פְרִיעֶר אָפּ גִינוּמֶען בַּייא יֶענְטִילִין .

דֶער נָאךְ הָאבֶּען זֵייא גִיזָאגְט מֶען ווֶעט שׁוֹין מִיט אִים גָאר נִיט מַאכִין עֶר אִיז שׁוֹין טוֹיט . אַזוֹ הָאט מֶען בַּאלְד גִישִׁיקְט אִין שְׁטֶעטִיל אַרַיין נָאךְ דֶעם רָב אוּנ נָאךְ דֶער חֶבְרָה קְדוֹשָׁה :

דֶער רָב מִיט דֶער חֶבְרָה זַאנֶען בַּאלְד גִיקוּמֶען . ווִיא זֵייא זָענִין גִיקוּמֶען צוּא שְׁמֶערְלִין . אַזוֹ אִיז בַּאלְד צוּא גִיגַאנְגֶען דֶער חֶבְרָה שַׁמָשׁ אַ אוּנְגֶער מֶענְטְשׁ . אוּנ הָאט אִים צוּ גִידֶעקְט מִיט אַלַיילֶךְ דָאס פָּנִים אוּנ הָאט אִים גִיזָאגְט הֶערְסְטוּ דִיא שְׁמֶערִיל בֶּן גְרוֹנִם מֶען אִיז דִיר מַשְׁבִּיעַ זָאלְסְט זִיךְ נִיט רוּהֶען מִיט קַיין שׁוּם אֵבֶר זָאלְסְט זִיךְ אוּיס צִיעֶהן גְלַייךְ . ווָארוּם דִיא בִּיסְט שׁוֹין גְלַייךְ ווִיא אַלֶע מֵתִים . צְדָקָה תַּצִיל מִמָוֶת הָאט דֶער שַׁמָשׁ אַגִישְׁרַייא גִיטָאן אוּיף אַקוֹל .

אַזוֹ הָאט מֶען אִים בַּאלְד גִיחַאפְּט אוּנ מֶען הָאט אִים אָפּ גִיהוּבִּין פוּן דֶער קַאנַאפֶּעבּאוּנ הָאבֶּען אִים אַנִידֶער גִילֵייגְט אוֹיף דֶער עֶרְד .

דֶער נָאךְ הָאט זִיךְ יֶענְטִילֶע אָן גִיהוֹבֶּען צוּא דִינְגֶען מִיט דֶער חֶבְרָה פַּאר אַשְׁטִיקֶעל קַרְקַע . אַזוֹ הָאבֶּען דִיא חֶבְרֶה גִיזָאגְט זִיא זָאל זִיךְ פַּאר גְלַייכֶען מִיטֶען רַב הַכְּלַל דֶער רַב הָאט גִיזָאגְט זִיא זָאל גֶעבֶּען טְוֶויצִנְט קֶערְבְּלֶעךְ וֶועט מֶען אִים צוּא נֶעמֶען אוּנ מֶען וֶועט אִים מְקַבֵּר זַיין אוּנ אוֹיבּ זִיא וִויל נִיט גֶעבִּין אַזוֹ פִּיל גֶעלְט זָאל עֶר דָא לִיגֶען . קִימְט לָאמִיר אַלֶע פָארִין צוּא רִיק אִין שְׁטֶעטִיל .

הַכְּלַל יֶענְטִילֶע הָאט גֶעבִּיךְ זֵייעֶר גִיוֵויינְט . אָבֶּער וָואס הֶעלְפְט אִיר דָאס גִיוֵויין זִיא הָאט גִימוּזְט אַנִידֶער לֵייגֶען אַחַת וְאַחַת :

וִויא פִּיל דֶער רַב הָאט גִיזָאגְט עֶס הָאט אִיר גָאר נִיט גִיהָאלְפִין . יֶענְטִילֶע מֵיינְט זִיא אִיז שׁוֹין פַארְטִיג . נֵיין . נֵיין .

דֶער רַב זָאגְט צוּ אִיר חְלֶעבִּין יֶענְטִילֶע אִיר הָט גִיוֵויינְט מִיט אִים אַזַא צַייט מִיט יָארִין אִין קֵיין קְרִיש הָאט עֶר אוֹיךְ נִיט גִילָאזְט אַזוֹי וָואלְט אַיוֹשֶׁר גִיוֶוען אִיר זָאלְט עֶפִּיס פַּאר זָארְגֶען מִיט אַנְדֶרִי זַאכִין .

יֶענְטִילִי מִיט אַ גִיוֵוין . רֶבִּי וָואס קָאן אִיךְ טָאן .

דֶער רֶבִּי אִיךְ וֶועל אַייךְ זָאגִין אִיר זָאלְט גִיבֶּען נָאךְ טְוֶוענְט קֶערְבְּלֶעךְ אוֹיף תַּלְמוּד תּוֹרָה אִין אוֹיף אַנְדֶרִי זַאכֶען וָוס מֶען דַארְף אִין שְׁטֶעטִיל שְׁוֶוער אִיךְ אַייךְ צוּא אַז עֶר וֶועט הָאבֶּן

דעם

דֶעם לִיכְטִגְעֶן גַן עֵדֶן זִיא הֵייבְּט אָן צוּ וֵויינֶען עֶס טוּט אִיר אֲפִילוּ בַּאנְק צוּ גִיבְּען אַזוֹי פִיל גֶעלְט נָאר זִיא ווִיל דָאךְ פָּארְטֶער זָאל הָאבֶּען דֶעם לִיכְטֶעגֶן גַן עֵדֶן ·

יֶענְטִילִי גֵייט צוּ צוּ שְׁמֶערְלִין מִיט אַגִיוַויין זָעה מַיין מַאן אִיךְ גִיבּ אִיצְט פַאר דִיר נָאךְ טוּזֶענְט קֶערְבְּלֶעךְ אַבִּי זָאלְסְט הָאבֶּען דֶעם לִיכְטִיגְען גַן עֵדֶן נָאר אִיךְ בֵּייט דִיךְ זָאלְסְט דָארְט אִין מִיר אוֹיךְ נִיט פַאר גֶעסִין זָאלְסְט זִיךְ דָארְט מִיעֶן אַז אִיךְ זָאל אוֹיךְ קָאנִין הָאבֶּען דֶעם לֶעכְטִיגֶען גַן עֵדֶן :

זִיא הָאט גֶעבִּיךְ מִיט צָרוֹת גִימוּזְט גֶעבִּין דֶעם רָב נָאךְ טוּזִינְט קֶערְבְּלִיךְ דֶער רָב מִיט דִיא שְׁטָאט לַייט קִיוֶעלִין זֵייא הָאבֶּן שׁוֹין דֶער וַוייל בַּייא אִים גִירוּסֶען צְוֵוייא טוּזִינְט קֶערְבְּלֶךְ· מֶען הָאט אִים בַּאלְד אוֹיף גִיגֵייט תַּכְרִיכִים אוּנ מֶען הָאט אִים אָן גִיטָאן אוּנ הָאבִּין אִים תֵּיכֶף אַוֶועק גִיפִירְט אִין שְׁטֶעטִיל אַרַיין אוּנ מֶען הָאט אִים אַרַיין גִיטְרָאגֶען אִין דֶעם שַׁייגֶעם מַייעֶרִיל וָואס מֶען הָאט גִימַאכְט · אוּנ מֶען הָאט אִים אַנִידֶר גִילֵייגְט אוֹיף אַקַאנַאפֶּע אוּנ דִיא טִיר הָאט מֶען בַּאלְד פַאר שְׁלָאסִין ·

פוּן דֶער זַייט טִיר אִיז גִישְׁטַאנֶען אֵיינֶער מִיט אַ גִיטֶער נַאהֶייקֶע · לִיכְט הָאט דָארְט גִיבְּרֶענְט זֵייעֶר אַ סַךְ ·

אוֹיף דֶעם טִישׁ אִיז גִישְׁטַאנֶען זֵייעֶר טַייֶערֶע עֶסִין וַוארְג אוּנ אוֹיךְ אִיז גִישְׁטַאנֶען זֵייעֶר טַייֶערֶע וַויינֶען · נָאר דִיא וַויינֶען זַאנֶען גִיוֶוען אַז וֶוען מֶען טְרִינְקְט אוֹיס צְוֵוייא גְלֶעזֶער וַויין אִיז דָאס בַּאלְד מְשֻׁלְשָׁל · אוּנ אַקְווִיטֶעל אִיז גִיוֶוען בַּייא יֶעדֶער בִּיטֶעלְקִי וַויין אַז דָאס אִיז דֶער יַיִן הַמְשׁוּמָר ·

ווִיא עֶר אִיז אַזוֹ גִילֶעגֶען אַיין עֶרֶךְ פוּן אַ שָׁעָה צְווייא, הֶערְט עֶר אַ קוֹל, הֶער נָאר דִיא שְׁמֶערִיל זָאלְסְט ווִיסֶען דֶער פַאר וָואס דַיין וַוייבּ הָאט גִיגִיבֶּען טוֹיזְנְט קֶערְבְּלִיךְ אוֹיף תַּלְמוּד תּוֹרָה דֶער פַאר הָאסְטוּ זוֹכֶה גִיוֶוען דוּא זָאלְסְט הָאבֶּען דֶעם לִיכְטִיגֶען גַן עֵדֶן אוּנ זָאלְסְט פַאר זוּכֶען פוּן אַלֶע מַאֲכָלִים.

ווִיא עֶר הֶערְט דָאס קוֹל, הָאט עֶר אַרִיק גִיטָאן דִיא דֶעק פוּנִים פָּנִים עֶר זֶעט אִיז טַאקִי זַייעֶר לִיכְטִיג אוּנ אוֹפִּין טִישׁ זַייעֶר טַייעֶרֶע מַאֲכָלִים, עֶר הָאט אָבֶּער פָארְט מוֹרָא צוּא רוּרִין דֶער פוּן.

שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ הַאלְבִּי שָׁעָה הֶערְט עֶר ווַייטֶער אַ קוֹל שְׁרַייט הֶער נָאר דִיא שְׁמֶערִיל דֶער פַאר וָואס דַיין וַוייבּ הָאט גִיגִיבֶּען אַזוֹ פִיל גֶעלְט אוֹיף תַּלְמוּד תּוֹרָה הָאסְטוּ זוֹכֶה גִיוֶוען צוּא זַיין אִין לִיכְטִיגֶען גַן עֵדֶן, אוּנ זָאלְסְט פַאר זוּכֶען פוּן דִיא מַאֲכָלִים וָואס אִין גַן עֵדֶן, אוּנ מוּזְסְט פַאר זוּכֶען פוּן דֶעם יַיִן הַמְשׁוּמָּר.

ווִיא עֶר הָאט גִיהָארְכְט אַז מֶען רוּפְט אוֹיס דָאס צְווַייטֶע מָאל, אוּנ דָאס הַארְץ הָאט אִים טַאקִי זַייעֶר גִיט ווַייא גִיטָאן ווָארוּם עֶס אִיז שׁוֹין בַּאלְד אַ מֵעֵת לְעֵת אַז עֶר הָאט נִיט גִיגֶעסֶען אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד אוֹיף גִיזֶעצְט אוּנ הָאט פַאר זוּכְט צוּ בִּיסְלִיךְ ווַייס פוּן יֶעדֶען מַאֲכָל עֶס אִיז טַאקִי גִיוֶוען זַייעֶר גִיט.

הַכְּלָל עֶר הָאט זִיךְ גִינוּמֶען צוּם רַייבֶּען דִיא סְעוּדָה אַזוֹ ווִיא עֶס דַארְף צוּא זַיין נָאר בְּאוֹפֶן אַחֵר.

דער

דֶער נָאךְ הָאט עֶר גִינוּמֶען אַ גְלָאז אוּנ הָאט זִיךְ אָן גִיגָאסֶען אַ גְלָאז וַויין פוּן דֶעם יַיִן הַמְשׁוּמָר אֵיינֶע אוּנ דִיא אַנְדֶערֶע ׃

דֶער נָאךְ הָאט עֶר זִיךְ גִילֵייגְט אָפּ רוּהֶען אוּף דֶער קאַנאַפֶּע עֶר הָאט זִיךְ גִיקְלֶערְט עֶר וֶועט שׁוֹין אֵייבִּיג זַיין דָארְט ׃ אָבֶּער גָאר נִיט ; עֶר אִיז אַוֶּועק גִילִיגֶען אוּף דֶער קַנַאפֶּע אַיין עֶרֶךְ פוּן אַ הַאלְבֶּע שָׁעָה , עֶס וֶוערְט אִים זֵייעֶר שְׁלֶעכְט דֶער וַויין אִיז זִיךְ צוּם לַאקְסִירֶען , עֶס הֵייבְּט אִים אָן צוּא בָּארֶען אִין בּויךְ , עֶס וֶוערְט אִים גַאנְץ שְׁלֶעכְט עֶר זִיכְט עֶפִּיס אַ אוּמְרֵיינֶע כֵּלִי ׃ נָא וֶועט עֶר דֶען דָארְט קְרִיגֶען אַיין אוּמְרֵיינֶע כֵּלִי ׃

הַכְּלָל עֶר הָאט גִיזֶעהֶען עֶס אִיז גַאנְץ שְׁלֶעכְט , קְרִיכְט עֶר אַרָאפּ פוּן דֶער קַאנַאפֶּע אוּנ הָאט גִיוָואלְט מַאכִין דִיא שְׁפִּיל , דֶער ווייל הָאט עֶר אִים גִיוָוארְפֶען אַ שְׁטִיל , הָאט דֶער שַׁמָשׁ דֶער הָארְכְט ׃

אַזוֹ הָאט דֶער שַׁמָשׁ גִיעֶפִינְט דִיא טִיר אוּנ אִיז אַרַיין גִילָאפֶען מִיט דֶעם רַאטְנִיק אוּנ הָאט אִים אָן גִיהֵייבֶּען צוּא שְׁמַייסִין אִיבֶּער דִיא פְּרֵייצִים וָואהִן אַרוֹיס פוּנִים גַן עֵדֶן ׃

דֶער שְׁמֶערִיל לוֹפְט אַרוֹיס פוּנִים גַן עֵדֶן אוּנ אַלֶע מֶענְטְשִׁין פוּנִים שְׁטֶעטִיל לוֹפֶען אִים נָאךְ , דֶער וַוארְפְט אַ שְׁטֵיין , דֶער אַ שְׁקְרַאבּ עֶר אִיז קַאם דוּרְךְ גִילָאפֶען דָאס שְׁטֶעטִיל בִּיז עֶר אִיז גִיקוּמֶען צוּא לוֹפִין אַ הֵיים ׃

דָאס וַוייבּ הָאט אִים דֶער זֶעהֶען הָאט זִיא אָן גִהֵייבֶּען שְׁרַייעֶן אוּנ וַויינֶען גֵייא דִיר אִין דַיין רוּא אַרַיין ׃ עֶר הָאט

אבער

אָבֶּער נִיט גִיקוּקְט אוֹיף אִיר גִישְׁרַייא עֶר הָאט זִיךְ אַרָאפּ גִיוָוארְפִין דִיא תַּכְרִיכִים אוּנ הָאט זִיךְ אָן גִיטָאן זַיינֶע מַלְבּוּשִׁים, אוּנ דֶער צֵיילְט דֶעם וַוייבּ אַז עֶר הָאט גִיהַאט דֶעם לִיכְטִיגֶען גַן עֵדֶן נָאר עֶס הָאט אִים אָן גִיהֵייבֶּען צוּא לַאקְבִּין הָאט עֶר גִיזִיכְט אַיין אָרְט עֶרְגִיץ . . .

דֶער ווַייל הָאט עֶר אוּם גִיוָוארְפֶען אַ שְׁטִיל, הָאט דֶער שַׁמָשׁ פוּנִים גַן עֵדֶן דֶער הָארְכְט הָאט עֶר אִים אַרוֹיס גִיטְרִיבֶּען פוּן דָארְט .

ר' שְׁמָערִיל דֶער מֵת הָאט ווִידֶער אָן גִיהֵייבֶּען צוּא פִּירֶען זַיין גִישֶׁעפְט אַזוֹ וְויא פְרִיעֶר וְויא דִיא אַלֶע מֶענְטְשִׁין פוּנִים שְׁטֶעטִיל הָאבֶּען גִיזֶעהְן אַז עֶר אִיז שׁוֹין אַוֶועק אַ הֵיים זָאגֶען זֵייא אַלֶע גִיגַאנְגֶען צוּם רָב אוּנ הָאבִּין גִימַאכְט פוּנִים גֶעלְט אַסְעוּדָה זֵייעֶר אַ פַיינֶע .

פוּן דָר מַעֲשֶׂה אָן הָאבֶּן זֵיי גִיזֶעהֶן אַז דָר רָב אִיז אַגְרוֹיסֶער חָכָם אוּנ הָאט בַּייא זֵייא נוֹשֵׂא חֵן גִיוֶועזְן אוּנ אִיז גִיוֶוען בַּייא זֵייא רָב עַד יוֹם מוֹתוֹ . אוּנ דָאס מַייְעֶרִיל הָאט מֶען נִיט צוּ נוּמֶען עַד הַיּוֹם הַזֶּה אוּנ עֶס שְׁטֵייט נָאךְ הֵיינְט אוֹיךְ פוּן אַ זִכָּרוֹן וֶועגִין . אוּנ דָאס מַייעֶרִיל רוּפְט מֶען הַיינְט אוֹיךְ דֶר לִיכְטִיגֶער גַן עֵדֶן ׃

ע נ ד ע